# מיין רייזע

# קיין מדינת ישראל



פון

מעטא ווערטהיימער

# אינהאלט

# לזכרון־עולם

## צום אנדענק פון די הייליגע נשמות פון מיין שעהנער און גרויסער משפחה! די קדושים וטהורים וואס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם

| | |
|---|---|
| בלומה בת אפרים פישל — מיין מוטער | ד׳ סיון |
| ברײַנדל בת אפרים פישל — די אונטערוױשעוער רעביצין | ד׳ סיון |
| פריידל בת גדלי׳ — מיין שוועסטער | ד׳ סיון |
| חיה־דבורה בת וואלף — מיין שוועסטער׳ס טאכטער | כ׳ אב |
| שפרינצע בת אשר זעליג — מיין שוועסטער׳ס טאכטער | ג׳ סיון |
| שפרינצע בת אפרים פישל — מיין שוועסטער׳ס טאכטער | ג׳ סיון |
| יוסף־יונטל בן אפרים פישל — מיין פעטער | ג׳ סיון |
| אפרים פישל בן זאב — מיין שוועסטער׳ס קינד | ז׳ אדר |
| רבקה בת זאב — מיט איהרע פינף קינדער | ז׳ אדר |
| ישראל פישל בן ארי׳ דב — איהר מאן | ג׳ סיון |
| אברהם חיים בן גדליהו — מיין ברודער | ערב חנוכה |

### ה׳ ינקום דמם

## געשטארבען אין זייערע היימען

| | |
|---|---|
| גדלי׳ בן אברהם חיים — מיין פאטער | ג׳ תמוז |
| אפרים־פישל בן חנוך זינדל — מיין זיידע | י״א שבט |
| פנחס בן גדלי׳ — מיין ברודער | ג׳ סיון |
| חיה־דבורה בת גדלי׳ — מיין שוועסטער | כ״א טבת |
| ראצע־טויבע בת גדלי׳ — מיין שוועסטער | כ״א שבט |
| פיגע־עקע בת גדלי׳ — מיין שוועסטער | א׳ אלול |
| חנה בת גדלי׳ — מיין שוועסטער | י״ד שבט |

### תהא נשמתם צרורה בצרור החיים.

ערשטער טייל

# מיין רייזע קיין מדינת ישראל

Rabbi H. P. FRANK
CHIEF RABBI
of
JERUSALEM

צבי פסח במוהרי"ל פראנק
ראש הרבנים ואב"ד
לירושלם
עיה"ק תובב"א

Tel. 5188 טלפון

ב"ה ירושלם ת"ו. יום יד לחדש אלול שנת תשי"ז

ידוע לי היטב על הפעולות הנצורות של החברה "רפואה-וחיים" הנודעה לשם ולתהלה כזה שלקחה על עצמה את התפקיד הנעלה להושים יד נדיבה לחולים ונדכאים בכל תפוצות ישראל, ובעיקר לתלמידי חכמים שבאה"ק.

תודות לנשיאת החברה, מרת מיטא ורטהימר תחי' עם הועד החשוב והעסקנים הנאמנים במסירותם הנפלאה, לבר רשום לזכות החברה הצלת הרבת נפשות יקרות מישראל על ידי המצאת תרופות יקרות ומכשירים רפואיים לחולים, מתן תמיכה כספית למשפחות עניות, ומשלוח חבילות מזון ובגדים.

לכן, מוצא אני זאת לחובתי להודיע על זה לשער בת רבים, ולמצוה גדולה תחשב תמיכת חברה זו, ועל ידי זה לתת יד לעבודה הקדושה.




## אידישע איבערזעצונג

ב"ה, י"ד אלול תשי"ז. ירושלים.

מיר איז גוט בעוואוסט וועגען די גרויסע אויפטוהונגען פון די חברה „רפואה־וחיים" וואס איז וויט בערימט צו גוטען, מיט דעם וואס זי האט גענומען אויף זיך די נאבעלע אויפגאבע פון אויסשטרעקען א הילפענדע האנט צו אונזערע קראנקע און געפלאגטע ברידער איבער דער וועלט, און איבערהויפט צו תלמידי חכמים אין הייליגען לאנד.

א דאנק די אויסערגעוויינליכע איבערגעבענהייט פון די פרעזידענטין פון דער חברה, מרת מייטא ווערטהיימער תחי' צוזאמען מיט די חשוב'ע קאמיטע און געטרייע עסקנים, איז שוין צוגערעכענט צום זכות פון די חברה די רעטונג פון פיעלע אידישע נפשות דורך שאפען פאר זיי טייערע מעדעצינען און מעדעצינישע אפאראטען פאר קראנקע, דורך געבן געלט שטיצע פאר ארימע פאמיליעס, און שפייז מיט קליידער פאקעטען פאר נויטבאדערפטיגע.

דארום, געפין איך עס פאר מיין חוב צו מודיע זיין וועגן דעם אין דער עפענטליכקייט, און פאר א גרויסע מצוה וועט פארערכענט ווערן צו שטיצען די חברה און דורך דעם צולייגען א האנט צו די הייליגע ארבייט.

צבי פסח פראנק

הרב
**שלמה יוסף זוין**
ירושלים, יונה 6

Rabbi
**S. J. ZEVIN**
Jerusalem, Jona 6

Tel. 5514 .טלפ

ב"ה, יום ה' ט' אלול, תשי"ז.

מכיר ויודע אני את פעולותיה של החברה „רפואה־וחיים" בארה"ב, כאן במדינת ישראל על ידי העזרה בכספים וברפואות מוכנות שהיא ממציאה לכל דורש, ואין די באר גודל המצוה וחשיבות התועלת להרבה נדכאים וחולים המשתמשים בתמיכתה של חברה זו. וראויה לציון ולשבח מיוחד נשיאת החברה הגב' מרת וורטהיימר, שבמסירותה המופתית בעבודה קדושה זו ללא ליאות הרחיבה שדה פעולתה של החברה. כל מי שיש באפשרותו לתמוך בחברה חשובה זו למצוה רבה תחשב לעשות כן, ובודאי כל מי שיש לו זיקה לאהבת אחים יבוא לעזרת החברה בעין יפה וביד נדיבה.

שלמה יוסף זוין

## איבערזעצונג אויף אידיש

איך קען זעהר גוט די טעטיגקייטען פון די חברה „רפואה־וחיים" פון אמעריקא, דא אין מדינת ישראל, דורך די הילף פון געלט און מעדעצינען וואס זי שאפט פאר די וואס נויטיגען זיך אין דעם. עס קען זיך גארניט אויסדריקען די גרויסקייט פון די מצוה און די נוצליכע נויטיגקייט פאר די פיעלע געדריקטע און קראנקע וואס בענוצען זיך מיט די שטיצע פון די חברה.

ספעציעלע ליב און אויסצייכענונג פארדינט די פרעזידענטין פון די חברה, מרת ווערטהיימער, וואס מיט איהר וואונדערבארע איבערגעגעבענהייט צו די הייליגע ארבייט אהן אויפהער, האט זי פארברייטערט די טעטיגקייט פון די חברה. יעדער וואס עס איז אין זיין מעגליכקייט צו שטיצען די חשוב'ע חברה, וועט עס זיין פאררעכענט פאר א גרויסע מצוה דאס צו טאהן. און זיכער איז, אז דער וואס האט נאר א געפיהל פון ברידער־ליבע, וועט קומען צו הילף די חברה מיט א ברייטע האנט.

שלמה יוסף זוין

RABBI ISRAEL I. HALEVY REISEMAN

*Rabbi and Rabbinical Judge of the Orthodox Community . Jerusalem . Israel*

ישראל יצחק הלוי רייזעמאן

רב ודיין לעדה החרדית

פעיה"ק ירושלם תובב"א

ב"ה יום ג' יד' אלול תשי"ז

החברה "רפואה-וחיים" תחת נשיאתה של הגב' מרת מיטא ורטהימר תחי', קנתה לה שם מפואר בחוגים נרחבים על ידי פעולותיה הגדולות והנחוצות באה"ק ובתפוצות, בבואה לעזרת חולים, עניים, ופליטי חרב במצוקתם.

תודות לסגור תרופות יקרות שאינם בנמצא כאן בארץ, למתן עזרה כספית ועוד דברים נחוצים נעזרו ונצלו הרבה משפחות במצבם הקשה. ולטוב יזכרו נשיאת החברה מרת ורטהימר תחי' עם הועד והעסקנים, עבור מסירותם הנאמנה במפעל קדוש זה.

נוכח עובדות אלו ובהתחשב במצב הנוכחי הקשה באה"ק ובפרט עבור תלמידי חכמים מצוה גדולה לתמוך ולהתמיך בחברה זו ביתר שאת וביתר עז.

ישראל יצחק הלוי רייזעמאן



## אידישע איבערזעצונג

ב"ה, יום ג' י"ד אלול תשי"ז.

די חברה „רפואה־וחיים" אונטער די פיהרערשאפט פון איהר פרעזידענטין, מרת מייטא ווערטהיימער תחי', האט זיך איינגעשאפט א וואונדערבארען נאמען אין ברייטע קרייזען דורך איהרע גרויסע און נויטיגע אויפטוהונגען אין הייליגען לאנד און איבער דער וועלט, מיט איהר קומען צו הילף צו קראנקע, ארימע, און פליכטלינגען אין זייער נויט.

א דאנק דעם איבערשיקען טייערע מעדעצינען וואס זענען ניטא צו באקומען דא אין לאנד, פאר קראנקע, און דעם געבן פינאנציעלע הילף מיט נאך נויטיגע זאכען פאר ארימע, זענען געהאלפען און געראטעוועט געווארען פיעלע פאמיליעס אין זייער שווערע לאגע. צו גוטען דארפען דערמאנט ווערן די פרעזידענטין פון דער חברה, מרת ווערטהיימער מיט די קאמיטע און מיטארבעטער, פאר זייער געטרייע איבערגעבענהייט אין דעם הייליגען פראיעקט.

לויט די אובענדערמאנטע פאקטען, און נעמענדיג אין באטראכט די יעצטיגע שווערע לאגע אין הייליגען לאנד, און איבערהויפט פאר תלמידי חכמים, איז א גרויסע מצוה צו שטיצען אליין און זעהן אז אנדערע זאלען שטיצען אט די חברה מיט באנייטע און פארגרעסערטע אנשטרענגונגען.

ישראל יצחק הלוי רייזעמאן

# פארוואָרט

## צו מיינע ליעבע פריינדע און חשוב'ע לעזער

צום ארויסגעבען פון מיינע ארץ־ישראל־איינדרוקען אין א בוכפארמע האט מיך געבראכט דער געדאנק, אז נישט נאר איך האב געדארפט זיך צוקוקען צו די לייסטונגען וואס די „רפואה וחיים" טראגט ביי — אפילו אין קליינעם מאסשטאב — מיט איר אינדיווידועלער באשיידענער שטיצע פאר די נארוואס אנגעקומענע עולים און פאר די זיך נאכנישט איינגעארדענטע בירגער, וואס קאנען נישט ענטבערן די שנעלע הילף אין רפואות, קליידער און אנדערע הילפס־מיטלען וואס ווערען פון אונזער סאסייעטי אומאויפהערליך געלייסטעט. דעם זכות אויף צו וויסען די גרויסע נויטוועגדיגקייט פון א פארגרעסערטער הילפסבערייטקייט פאר די מיט אונז אין נענטערן קאנטאקט געקומענע קייסעס פון ישראל־בירגער — קומט אויך צו פאר די חשובע שטיצער און מעמבערס פון „רפואה וחיים" — זאלען זען די נאבעלע פרייהערציגע אידישע ברידער פון אמעריקאנישען קאנטי־נענט אין וועלכער מאס זיי שטייען ביי זייערע ברידער אין הייליגען לאנד. איך בין נישט אויסען געוועזען מיט'ן אבדרוקען פון מיינע איבערלעבענישען צו שפי־לען דעם ראָל פון א שרייבערין און צו פארלאנגען פאר מיר די ליטערארישע אנ־ערקענונג — איך בין ווייט פון אזא אמביציע — צו וועלכער איך האב אפילו נישט די געהעריגע השגה דערצו. דאס וואס איך שרייב דא איז נישט מער ווי איבער־לעבונגען, איינדרוקען, איינבליקען או א. וו. וועלכע מיינע פשוט'ע אויגען האבען געזען, מיינע אויערן־געהערט און מיין הארץ געפילט און פארנומען — דאס וואס ס'איז מיר נאר מעגליך געוועזען אין אזא קורצער צייט מיט אזא באשרענ־קטער אויפנאמספעהיגקייט ווי די מייניגע האט נאר געקאנט אויפברייגגען אויפ'ן פאפיר. נאר ווייל ארץ־ישראל האט אין זיך א געבענטשטע פיעלזייטיגקייט — א דאנק דעם פארשיעדענעם און צאלרייכען שבטים־צונויפשטעל און די גרויסע מאס פון עדות־גרופען — דערפאר האב איך זיך געוואגט אריינגעהן אין היכל פון די שרייבער, גענומען די פעדער אין האנד און גענומען שרייבען — זייענדיג זיכער אז אפילו מען וועט געפינען אין מיינע שילדערונגען עפעס נישט דער־ווארטעטעס — וועט מען דאס צורעכענען דער פיעלפארביגקייט פון אונזער לאנד, וועלכעס האט נאך אין זיך אזויפיעל נישט געזאגטעס — וועט דאס מיינע זיין

איינס פון זיי. איך מוז אבער מודה זיין אז איך בין דאך זיכער געווען מיט א שטח אויף וועלכען אנ׳אנדערער האט פאר מיר נישט געאקערט — ווייניגס־טענס קוים דערקענבאר: קומט אימיצער אהער קיין ישראל זעהט ער דאס ליב־טיגע, דאס שענע, דאס גלאנצענדיגע — און ס׳האט אזוי צו זיין! — וויפיעל, א שטייגער איז דאס דער שיעור אומעטיג צו זיין? איך אבער ווער געפירט דורך מיין „זעקסטען חוש״: איך דערשפיר דאס ערשטע די נויט, וואס האט די געוואהנ־הייט זיך צו פארבאהאלטען פון די אויגען וועלכע מוזען זי דוקא יא זעהן — און שלעפ זי ארויס אויף דער אויבערפלאך... נישט מער נאר ביי מיר ארבעט אביסעל די אסאסיאציע־און נאך דער דערמאנטער נויט שלעפט זיך נאך די „קלאסישע נויט״ פון מיין היימלאנד מאראמארעש אין עסטליכען אונגארען — און דאס האט שוין ארויסגעבראכט מיט זיך די אנדערערליי „קרייטעכצער״, וואס איך האב דא צוגעטשעפעט פון מיין משפחה, בית המדרש, ישיבות, געשטאלטען און די כל׳ערליי פריוואטע און אייגענע איינדרוקען וועלכע מיין זכרון־פארמעגען האט מיר נאר באוויליגט צו באשרייבען. איך זוך דערפאר נישט דא, אין מיין פאר־ווארט רעקלאם צו מאכען פאר מיינע ארץ־ישראל־ארטיקלען, כדי צו באהויפטען אז אזוי איז ישראל צו זעהן — ווי איך האב דאס געזעהן. איך וויל אבער יא זאגען דאס מען קאן עס אויך אזוי זעהן. איך פאר מיר האב דא דעם וואונש: וועלן מיינע קנאפע שילדערונגען איבער׳ן הייליגען לאנד דערקוויקען א פאר שטילבענקענדיגע, דערפרישען מאנכע פארנעפעלטע זכרונות, דערמונטערן איי־ניגע פון דערוויטענס־שטעהנדיגע און זיי אויפמונטערן צום אויפבוי־ווערק פון אונזער לאנד — און נעבען דעם — דערוועקען ביי זיי דעם לעבהאפטען אינטע־רעס פאר דער „רפואה וחיים״־שליחות, וואס זאל איר געבען די עלמענטארע מעג־ליכקייט נאכצוקומען די „באשטעלונגען״ וואס אירע אונטערשטיצע מאכען ביי איר — וועט דאס זיין מיין בעסטער לוין.

מ. וו.

# א בריוו פון ישראל

אזוי ווי כ׳האב נאר באקומען פון פרוי מ. ווערטהיימער — פרעזידענטין פון „רפואה וחיים״ די פארשטענדיגונג אז דערפאר ענטפערט זי מיר נישט אזוי אפטער ווייל זי מוז דערענדיגן די באשרייבונגען פון אירע ישראל־איינדרוקען, וועלכע זי קלויבט זיך ארויסצוגעבען אין אן אבגעדרוקטער פארמע — האב איך

מיר תיכף פארגעשטעלט דעם אינהאלט פון איר שרייבען און די צורה פון איר באשרייבען ... דען ווי ווייט איך קאן זי, די געעהרטע פלייסיגע, פאר יענעם איבער־געגעבענע און זעלבסטלאזע פרוי, וועט זי גאר ווינציג צייט און פלאץ האבען פאר די זייטיגע דערשיינונגען וועלכע געהערען פאר די וואכעדיגע און אלטעג־ליכע שרייבער. דא וועלן שוין אפטימיזם מיט פעסימיזם, גלאנץ מיט מאטקייט, ליכט און שאטען — אויף די שפאלטען פון איר ארץ־ישראל־ספר — געארעמט ארומטאנצען. דאס שעהנע און יונגע ישראל וועט באדעקט ווערן מיט א שלייער פון א סקריפ־מאנגעל; די ווינטערדיגע גרינקייט פון עמק־יזרעאל וועט פאר איר פארטראגען א בילדוועקסעל פון גרינע סקריפס וועלכע מען מוז ווי שנעל אלץ מעגליך אבשיקען קיין ארץ ישראל; די געלע זאמד ביים לאנגען ברעג פון שענעם, בלויען מיטעלענדישען ים — וועט זי זעהן דורך א פערספעקטיווע פון געלע פלייש־פושקעס „סאטמאר" מיט די בלויע שטרייפען וואס זי שיקט פאר אירע הונדערטער פאציענטען — און וואס מען באדארף האלטען אין איין שיקען; די פיערעקיגע, אין מאדערענסטען סטיל געבויטע בלאקהייזער, וואס באזייען די שטעט און שטעטלעך פון ישראל — וועלן באשטימט פאר אירע פילאנטראפישע אויגען פארוואנדעלט ווערן אין קוואדראטנע ריזן — פעקלעך וואס קומען אן יעדע וואך אלס א „גיפט פראם רפואה וחיים־סאסייעטי" מיט דער צעשויבערטער אונטערשריפט פון איר אליין, און אזוי, שטעל איך זיך פאר, וועט יעדע פראכט פון לאנד, זייט אונזער זעלבשטענדיגקייט־אהער זייט צוויטוויזענט, פינף־טויזענט — זייט אייביג־און עולם — פלוצים מגולגל ווערן, אין איר רייכער פאנטאזיע אין א גרויס פעלד אויף וועלכען ס׳וואקסען סאציאל־נויטבאדערפטיגע פלאנצען וועלכע מען באדארף אומבאדינגט מיט אמעריקאנישען וואסער אומאונטערבראכען באַ־נעצען ... און די קאלאסאלע, אומפארשטעלבארע דערגרייכונגען — וועלען געש־טעלט ווערען אין שאטען פון די ארעמע און קראנקע וואס זענען נאך נישט פאר־געמערקט אויף דער ליסטע פון „רפואה וחיים".. אויף ווי ווייט איך קאן זי, די גרויסמוטיגע און גוטהערציגע פרוי, פאר וועלכער דער גרעסטער אידעאל אויף דער וועלט איז: יענעם נישט צו לאזען ליידען; וועלכע האט זיך געשאפען א מין „הילפס־טעאריע" וואס קאן אפשר צונויפגעפאסט ווערן אומגעפעהר אין אזא מין „לאזונג": „איד, פארגעס נישט דאס דו דארפסט העלפען דיין ברודער!" — וועלען אין איר בוך פארנעמען דעם בכבוד׳יגען פלאץ אט יענע מאמענטען וואס זענען אפשר נישט אזוי אנגעזעהן ביים לייענער פון ארץ־ישראל־איינדרוקען ...

דערפאר בין איך דא געקומען, אלס איינער וואס האט געהאט דאס גליק די פרוי ווערטהיימער אויף א גרויסען טייל פון אירע ארץ־ישראל־רייזען צו באגלייטען און זייענדיג א לענגערע צייט אין איהר נאענטקייט בשעת זי האט באזוכט אירע „קייסעס" — ווי זי זאגט דאס אויפ'ן אמעריקאנישען נוסח, און געזעהן איר מו־טערליך פארהאלטען זיי קעגענאיבער — איך, ליעבע לייענער, זאגען אז איך גלויב נישט אויב ס'האט נאך ווער עמיצער פון די אלע טויזענטער באזוכער פון אייער קאנטינענט אין די פאר יאר נאך אונזער זעלבשטענדיגקייט, אזוי טריי זיך צוגע־קוקט צו די „קליינע" פראגען וואס באשעפטיגען אונזער וועלטעל, ווי דאס האט געטאהן גברת מייטע ווערטהיימער, וואס האט געזעהן ארום זיך נאר די ד' אמות פון יענעמס זארגען, הילפסבאדערייטקייט, זארגפאלטיקייט, סאציאלע טעטיגקייט, ארעמענשטיצע און קראנקענפלעגע — פון איין זייט, זעלבסטפארגעסען, זיך־אויס סעראכט־שטעלען און ביזייטשטעלען פון אייגענעם אינטערעסען — פון דער אנדערער זייט. נעמט, למשל, און פרעגט זי, די פרוי ווערטהיימער, צו וואס איז די וועלט געשאפען געווארען — וועט זי אייך זאגען אוודאי אז כדי צו העלפען איינער דעם אנדערן... און אז זי זאגט — מעג מען איר הייליג־גלויבען. און צי דער דאזיגער „טעאריע" אירער האט זי שוין באשטימט, אויסער איר פילאנט־ראפישער פראקטיק — אויך אזויצוזאגען, א„ליטערארישע פארגאנגענהייט" — זי האט דאס נאך אין איר אלטער אידישער היים געלערנט אין די ספרי מוסר (און אפשר אויך אין אמעריקע) אז איינער איז באשענקט מיט פארמעגען פון רבונו של עולם — האט עד דאס אנצוזעהן אלס א פקדון פון זיין־ליבען־נאמען איבער וועלכען ער האט נאר פרייע הענד כדי צו געבען דעם וואס האט נישט. — טוט ער דאס נישט — איז עס א מיסברויך פון דעם איבערשטענס פארטרויען און דאס פארמעגען איז דערום נישט אין די ריכטיגע הענד. נאך איר אנשויאונג וואלט זי באדארפט קומען צו אירע נדבנים מיט א פאדערונג, נישט מיט א ביטע —דען וואס איז שייך בעטען דארט וואו ס'קומט?! טוט זי דאס נישט — דאן האנדעלט זי אויף „לפנים־משורת־הדין". דערפאר טאקע פילט אויס איר צדקה־טעטיגקייט דעם גרעסטען טייל פון איהר טאג ווייל דאס איז דאך אנ'ארבעט פון „אויסגלייכען דעם באלאנס"; א מין „מתווך", א פארמיטלער צווישען ארעם און רייך, און אויב אזוי — קאן מען טאקע נישט יוצא זיין וויפיעל מען זאל נישט געבען. פאר איהר איז דארויף נישטא קיין תירוץ: „נתון תתן — אפילו מאה פעמים" זאגען אונזערע חכמים. מיט אייןווארט: דער „עוזר דלים" (די סקריפס

וואס זי שיקט) דער „לובש צדקות" (די קליידער פעקלעך) און דער „פודה ומציל" (די רפואות וואס ראטעווען) שטייען ביי איר העכער ווי די אלע אנדערע שעהנע חלקים פון די „הקפות..." און אפילו העכער פון אנדערע מצוות, און זי איז זיך דא א גוט ביסל נוקם אן דעם וואס זי איז, אלס פרוי באפרייט געוואָרען פון די סארט „מצוות וואס די צייט איז גורם" (מצוות עשה שהזמן גרמא נשים פטורות) אויב אזוי — האט זי זיך אנגעכאפט אין א מצוה וועלכע איז שוין נישט פארבונדען מיט דער צייט, און איז זי מקיים מיט אלע פרטים, דקדוקים און כוונות. א מצוה וואס האט אנ׳אמביציע אויף אנ„עושה צדקה בכל עת.." און ווען די חכמים לערנען: „איזה עושה צדקה בכל עת?" — ווער קאן דאס געבען צדקה צו יעדער צייט? „זה המפרנס את אשתו ואת בניו" — מעגט איהר צוגעבען נאך א טייטש: „דאס איז גב׳ מייטע ווערטהיימער — וואס פאר איר איז נישטא קיין צייט אויסער פאר צדקה!" ממש „בשכבך ובקומך, ובלכתך בדרך" — אויפשטייענדיג און לייגענדיג, זיצענדיג און גייענדיג". און אזוי ווי זי איז — פארלאנגט זי אויך דאס־זעלבע פון אנדערע: דערפאר קאן זי בשום אופן נישט פארשטיין הלמאי איז איר קאסע אזוי ביטער ליידיג? און פארוואס מוז זי ענטפערן אויף די ביטעס אז „ס׳איז ליידער ביי אונז שווער"? און ווי שטייט דאס געשריבען אז נאר אויף א יום־טוב מעג א איד באקומען די קארגע מתנה פון א 5־אדער 10־דאלאר׳דיגען סקריפ — און נישט כאטש יעדען חודש? ס׳קאן זיין אז זי האט רעכט וואס זי מעסט זיך אן פון אייך שטעלענדיג אירע גרויסע אנשפרוכען — דען קלערט נאר אויף א ווייל צו עמיצער פון אייך וואלט אויף זיין געוויסען ארויפגענומען אזא לאסט פון דאגות וואס ווערט וואס אמאל שווערער? איך, אז כ׳האב געהערט די פרוי ווערטהיימער מיט דער גרעסטער אחריות זיך איבערנעמען אין איהר הייליגער מיסיע פון סאציאלער זארג אין דער אידישער נויט — האט זיך מיר געוואלט אויסדאכטען אז זי האט ערגעץ געלייגט די הענד איהרע אויף דעם פאר ווייבער נישט באקאנטען גמרא — מאמר אין מסכתא ברכות י"ז. „גדולה הבטחה שהבטיח הקב"ה לנשים יותר מן האנשים" (גרעסער איז די הבטחה פון אויבערשטען פאר די ווייבער ווי צו די מענער), דען אזוי שטעהט געשריבען: „איהר איידלע פרויען, פארנעמט מייך שטים. דען אין זכות פון נשים צדקניות פון דור — ווערט דאס דור אויסגעלייזט.." „און מייטע ווערטהיימער האט איהר אייגענע טייטש אויפן ווארט „צדקניות" — ווייבער וואס טוען צדקה... און אלס אזעלכע נעמט זי זיך דאס פולסטע רעכט אייך צוצושיקען איהרע פינאנצ־

יעלע אויפטראגע — און איהר דארפט אויף איר גארנישט ברוגז זיין דערפאר, דען דאס איז איהר טיעפסטע אמונה און אומבאשריטענע איבערצייגונג אז דאס האט איהר די השגחה איבערגעגעבען אן ענין מיט וועלכען זי האט אויסצופילען איהר גאנץ לעבען און, ווי זאגט דאס דארט דער „קיצור־שולחן־ערוך איהרער: „ס'איז קיין גרעסערע און קיין שענערע פרייד נישטא פארן רבונו־של־עולם ווי צו דערקוויקען דאס הארץ פון ארעמע, קראנקע או. א. וו.". — „און ווער ס'דערפרייט זיי איז גלייך, כביכול, צו דער שכינה..." און ווי האט זי דען נישט געפונען א ראיה אז צדקה שטעהט העכער פון אלעמען?! — און אז גאט־ברוך־הוא האט הנאה איז דאס שעהן פאר אייך, פריינדע און שטיצער פון „רפואה־וחיים", אויך הנאה צו האבען ווען פרוי מייטע ווערטהיימער מאכט אייך פאר דירעקטע שותפים צו איהר הומאניטארען ווערק וואס איז שעהן פאר גאט און נויטיג — פאר לייט.

ג. שטיין.

„הצפה" מיום ו' ט"ז אייר תשי"ג — פרשת „אמור" (1/5/1953)

## ברוכה הבאה

(מקום תמונת הגב' מייטע ווערטהיימער)

בימים אלה הקבילו בשדה התעופה בלוד פני אורחת מארצות הברית, הגב' מייטה וירטהימר מפילדלפיה, אחת החברות הפעילות של „ארגון נשי מזרחי" בארה"ב. היא עסקנית מפורסמת ביהדות ארה"ב וידועה לרבים מבין היהודים באירופה ובארץ — הודות למפעל מיוחד במינו שהקימה. המוסד הפילנטרופי „רפואה וחיים" שמושבו בפילדלפיה מצודת עזרתו פרושה על ארצות אירופה וארץ ישראל — ידי הגב' וירטהימר עשוהו. את רעיון הקמתו הגתה בעצם ימי התקדרות שמי אירופה, ובראותה בחרדה רבה את הכליון החרוץ הצפוי להם (עשרות מבני משפחתה בעיירות מרמרוש ספו תמו בו) בצבצה בלבה, המאמין בנצח ישראל שלא ישקר, התקוה לשארית הפליטה שעתידה לצאת מגיא התופת — עשוקה ורצוצה, נדכאה וידועת חולי והקדימה, בחלקה, רפואה למכה. חברת „רפואה וחיים" שנוסדה ביזמתה, הצליחה לרכוש בינתיים אהדתם של אלפים מיהודי היבשת החדשה שנחלצו לקריאתה — והרימו את תרומותיהם לחברה. בזרוח שמש השחרור ליהודי המחנות ובהיאחזם במקומותיהם הארעיים והקבועים — היתה זאת הגב' מייטה וירטהיימר אשר דאגה שאלפים

מהעקורים יקבלו את מנתם הצנועה והקבועה בצורת חבילות מזון, בגדים, כסף ובעיקר — רפואות, מהיקרות ביותר עד מכשירים אורטופדיים שהיא שולחת למחוסר אמצעים המזדקקים להם.

הגב׳ וירטהימר, רעיתו של הרב זאב וירטהימר מפילדלפיה, בנו של הרה״ג ר׳ שלמה וירטהימר זצ״ל מירושלים, ש־הגיעה ארצה לפני 30 שנה כעולה חדשה — מקיימת פגישה עם התושבים הנת־מכים ע״י החברה, ועם שאר נזקקי תמי־כה שבמעברות ובשיכוני העולים, אולם תוך איסוף רשמים מחיי הארץ, היא מביעה את צערה על העזרה המעטה שמוסדה הושיט לעולים יוצאי המחנות עד הנה ועזה החלטתה — בשובה לאר־ה״ב לעשות מאמצים נוספים במטרה להגדיל ולהאדיר הפעילות בשדה העזרה הסוציאלית של החברה אשר תקיף אל־פים מתושבי הארץ שייתמכו ע״י בעתיד. לשם כך היא עומדת לפתוח סניף „רפו־אה וחיים״ בישראל״, שמתפקידו יהא לטפל מקרוב בנצרכי תרופות, בבגדים וכיו״ב ולהמציאם לכשידרשו.

תקוותנו נאמנה כי הגב׳ מייטה וירט־הימר תעשה את מלאכתה שהטילה על עצמה באמונה. בימי שהותך במולדת — היהני מהישגינו שזכינו להם במעט השנים עד היום וראי בטוב ירושלים — בואך לשלום!

אידישע איבערזעצונג פון אויסצוג פון „הצפה״ יום ו׳ ט״ז אייר תשי״ג — פרשת „אמור״ (1.5.1953)

## ברוכה הבאה!

אין די טעג האט מען אין לופטפעלד פון לוד מקבל־פנים געווען א גאסט פון אמעריקא, דאס איז די גב׳ מייטע ווערטהיימער פון פילאדעלפיע — איינע פון די טעטיגסטע מעמבערס פון „ארגון נשי מזרחי בארה״ב״. זי איז א באקאנטע כלל־טוערן צווישן אמעריקאנישן יודנ־טום ווי אויך ווייט באוואוסט אין אייראפ־אישע און ישראל׳שע אידישע קרייזן — א דאנק אנ־אייגענארטיגען מפעל וואס זי האט אויפגעשטעלט. דעם פילאנט־ראפישן מוסד „רפואה וחיים״ וואס דער וואהנזיץ איז אין פילאדעלפיע און זיין הילפסנעץ איז אויסגעשפרייט איבער איי־ראפע און ישראל — האבען די הענד פון גב׳ ווערטהיימער אים געשאפן. די אידייע פון אזעלכעס אויפצושטעלן איז איר אנ־געקומען שוין אין יענע טריבע טעג ווען א שווארצער קאשמאר האט זיך פארצויגן אויף די הימלען פון אייראפאי־שען אידנטום; און אז זי האט מיט שרעק צוגעזען די טאטאלע פארניכטונג וואס דערווארט זיי (צענדליגע פון אירע פאַ־מיליע אנגעהעריגע אין די מארמורישע שטעטלעך זיינען אין איר אומגעקומען) דעמאלט איז אין איר גלויביג הארץ

אין נצח ישראל, אויפגעטויכט די האפנ־ונג אויפ׳ן שארית הפליטה וואס וועט ארויסקומען פון נאצישן גיהנום, צעש־טויסן, דערשלאגן און קראנק, האט זי, טיילווייז מקדים געווען די רפואה פאר דער מכה: די חברה „רפואה וחיים״ פון איר געגרינדעט האט דערווייל דערווארבן די סימפאטיע פון אומצייליגע מעמבערס אין דעם נייעם קאנטינענט וועלכע האבן זיך ווארם אנגערופן אויף איר אפיל און איבערגעגעבן זייערע ביישטייערונגען. ווען די באפרייאונגס זון האט באלויכט־ען די אידישע לאגערן און די געליטענע אידן האבן זיך ווי עס איז שוין אנגעה־ויבן באזעצן — איז דאס געווען פרוי ווערטהיימער וועלכע האט געזארגט דאס פיעלע פון די געליטענע זאלן באקומען זייער באשיידענע מתנה אין געשטאלט פון פעקלעך קליידער, שפייזן, געלד און דער עיקר: מעדיקאמענטן — אויך פון די טייערסטע — פאר די נויטליידענדע וואס נויטיגען זיך אין זיי.

גב׳ ווערטהיימער, די פרוי פון הרב וואלף ווערטהיימער פון פילאדעלפיע, א זון פון הרה״ג ר׳ שלמה אהרן ווירטהיי־מר זצ״ל פון ירושלים, וועלכע איז פאר א 30 יאר צוריק, געקומען קיין ישראל ווי א עולה חדשה — און באזוכט אצינד דאס לאנד ווי א טוריסטין, האלט אפ באגעגענישען מיט ישראל־בירגער וואס ווערן דורך דער סאסייעטי אונטערשטיצט. זי באזוכט אויך די נויטבאדערפיגע פון די מעברות אין וועלכע זי געפינט גרויס עלענד און נויט און פארטיילט דארט פון די שטיצע וואס זי האט מיט גענומען אדער זיך געלאזט נאכשיקן. זאמלענדיג די שיינע איינדרוקען פון ישראל קאן זי נישט גרויס הנאה האבן פון די אלע שיינקייטן דערמאנענדיג זיך אין דער קליינער הילף וואס איר מוסד שטרעקט אויס פאר די נייע עולים וואס האבן פאר־לאזט די לאגערן; און שטארק איז איר באשלוס — צוריקקומענדיג אי״ה, קיין אמעריקא צו מאכען די מאקסימאלסטע אנשטרענגונגען בכדי צו פארגרעסערן און פארשטארקן די טעטיגקייט פון דער סאציאלער הילף פון דער חברה, וועלכע וועט ארומנעמען טויזענטע פון יש־ראל איינוואהנער וואס נויטיגן זיך אין הילף. צו דעם צוועק פלאנט זי צו עפע־נען א „רפואה־וחיים בהענטש אין יש־ראל״, וועמענס צוועק ס׳וועט זיין זיך אפגעבן פון דער נאענט מיט די וואס נויטיגן זיך אין רפואות, קליידער, שפיי־זען א. א. וו. כדי זיי צו שאפן צו דער צייט.

מיר זיינען זיכער דאס פרוי ווער־טהיימער וועט איר ארבעט ווייטער טאהן באמונה און אויספירן איר הייליגע מיס־יע וואס זי האט אויף זיך גענומען מיט טרייער איבערגעבענהייט.

דערווייל, ביי אייער זיין אין אונזער

אלמענס הייליגן לאנד — האט הנאה, גב' וירטהימר, פון אונזערע דערגריי־כונגען אין די פאר יאר ביז אהער „זעט דאס גוטע פון ירושלים".

זייט ווילקאמען! ברוכה הבאה!

# אויפ'ן וועג צו מדינת ישראל

ב"ה, ניו־יארק, כב אדר, תשי"ג

פון ניו־יארק מיט„קווין־עליזאבעט"

פארלאזענדיג דעם האפן פון ניו־יארק מיט'ן גרויסן לוקסוס־שיף „קווין־עליזאבעט" מיט'ן צוועק אנצוקומען קיין ארץ־ישראל, האט מיך אנגענומען א ווארעם געפיל: וואס מער איך רוק זיך אפ פון אמעריקאנישן באדן וואו איך לאז איבער מיינע נאענטע און פריינד אויף א קורצער צייט — קומט דער געדאנק אז איך דערנעהנטער זיך צו אנדערע נאענטע און ידידים וואס האבן די זכי' צו זיצן אין הייליגען לאנד — דאס טרייסט מיר און דערפילט מיר מיט צופרידנהייט. בשעת אבער איך זוך דאס „דערווייטערן" מיט'ן „דערנענטערן" צו דערזעצן, קומט דאס „צווישען" און באשעפטיגט מיך: די גרויסע נאסע פלאכע וואס רופט זיך אן „ים", אויף וועלכען'ס גלאנציגן טעפיך ס'גליטשט זיך אדורך דאס ריזן־שיף: אויבן הימל — אונטן וואסער און דא — דאס קליינע מענשעלע מיט זיין גרויסען מח וואס האט דערזאגט די סודות פון דער בריאה, אז דיינע פערזענליכע מחשבות מאכן פלאץ פאר דער באוואונדערונג צום בורא־עולם מיט זיין אייביג־נישט־געלייזטען־רעטזעל — די וועלט.

ב"ה, פאריז, כו אדר, תשי"ג

אין דער וועלט־שטאדט פאריז

די געדאנקען ווערן איבערגעשלאגן מיט'ן דערנעהנטערן זיך צום אייראפעישען קאנטינענט. אויסגעשטיגן אין שערבורג און אנגעקומען קיין פאריז. א קלייניגקייט: פ א ר י ז! — מיר ווילט זיך עפעס נישט באוואונדערן די וועלט־שטאדט פאריז וואס אלעס ענטציקט זיך פון איר: איך בין צופיל באשעפטיגט מיט מיינע ארץ־ישראל־געדאנקען און טאקע דערפאר דערמאן איך זיך אין צוויי היסטארישע דאטען וואס זענען נישט לאנג אויפגעטויכט: פאריז־2000 יאר אלט, און — להבדיל — ירושלים 3000 יאר אלט... און אזוי אויף אמעריקאנישן שטייגער, ווי „טיים־איז־מאני" — וואס קאן איך קלערן דאריבער? — וויפיל אויסגעלאסנקייט,

טומאה און מענשליכע געמיינקייט האט פאריז געזען, מלחמות געזיגט, און איינגע־נומען געווארן — נאר זי שטייט שטאלץ, שעהן און ליכטיג; וויפיל עדלקייט, קדושה און מענשליכע הויכקייט האט ירושלים געזען, מלחמות, געזיגט און הרוב געווארן — און זי געפינט זיך אין איר בעסטן דוד׳ס־שטאדט און דער מקום המקדש אין גויי׳שע הענד.. ניין, איך דארף נישט קלערן און נישט קוקן — איך איל זיך צום איירארדאם — אבצופליען צום באגער פון מיין הארץ.

אין שויס פון „אל על״

דעם אמת געזאגט אז כ׳האב זיך אנגעהויבן בעסער פילן בשעת כ׳האב זיך געפונען אין שויס פון דעם גרויסן מעטאלענעם פויגל וואס טראגט אונז העכער־העכער אריבער די וואלקענס. און אז מען איז שוין הויך, וויל מען זיך שוין ארויסהויבן אין „דערהויך״... אט ווארפט זיך דיר אין די אויגן די באצויבערנדיגע אויפשריפט: „א ל ע ל״־אין העברייאיש און אין ענגליש — — אונזער לופטשיף, אונזער פילאט — א רייצענדער, חנ׳ודיגער בחור, ברונעט, מוטיג, שמייכלט מיט אן אידישן חן; אט דאכט זיך מיר אז איך פארשטיי שוין דעם סוד ווי אזוי יעקב־אבינו האט אונטער זיין קערפער געפילט גאנץ ארץ־ישראל... נאר דא האבן זיך פארבונדן צוויי לופט־עלעמענטן — א כמארע מיט א ווינד — און האבן זיך אקעגנגעשטעלט דעם אידישן יונגען לופטבאצווינגער און אים געגויט אראפצונידערן. אל־על האט זיך שפאצירט איבער א מאזאיק פון אנטיקער און מאדערנער ארכיטעקטור — מיר באטרעטן דעם באדן פון דער אייביגער שטאדט רוים.

ב״ה, רוים, כט אדר, תשי״ג

די שטאדט פון אנטיקער פארשקלפונג

ווי זאגט מען דאס: צו זיין אין רוים און נישט צו זען דעם פויפסט!? — איך בין דאס געוועזן וואס נישט דעם פויפסט צו זען האב איך לוסט געהאט און נישט צו באוואונדערן די „אייביגע שטאדט״. דאך האט זיך בעגערט צו באזוכען די היסטארישע פלעצער. עס זאגט זיך „היסטאריש״ — און עס פארגעסט זיך, אז טאמער איז דא איין־רוים אן ארט וואס האט אין זיך א היסטארישן קערן איז דאס דער „טיטוס־בויגען״; טיטוס הרשע — ימח שמו־האט פאראייביגט אונזער נאציאנאל אומגליק — הייסט דאס אז וואס מער „היסטאריש״ עס איז דער

פלאץ, שניידט ער מער אריין אין אידישן הארץ... אצינד גיי און האב הנאה זעהנדיק רוים און קלערנדיג אין ירושלים. מער ווי א טאג איז אומעגליך צו פארברייגען ביי דער באצווינגערן פון יהודה... מיר פליהען אב, אין א מזלדיגער שעה קיין ישראל.

## אין מדינת ישראל

*ב״ה, לוד, כ׳ ניסן, תשי״ג*

אין דער סוחרים־שטאדט פון תנאים־צייט — ל ו ד

טאמער איז שוין ווען ס׳איז געלונגען צו כאפען א קוק אראפ אויף די פרעכטיגע איינשניטן פון מיטעלענדישן ים אין די רייכע יבשות פון די דריי קאנטינענטן — האט קיין צייט נישט געהאט זיך מיט די באצויבערנדיגע אנבליקן צו זעטיגן ווייל ס׳האט פארבענקט געזוכט צווישן זיי דעם פונקט וואס פאראייניגט די „אלטע וועלט״, און אויף וועלכן עס שטרעקט זיך באשיידן ביי דער לענג פון ים דאס „געליבטע לאנד; דער „פליין״ נידערט אראפ אין גרויסן פלוגהאפן פון לוד. א ווארעמע־העלע זון האט אונז אין לאנד פון די אבות ברידערליך עמפפאנגען. מיר דאכט זיך אז איך געדענק נישט אזא סארט זון ווי זי איז געוועזן אין יענעם טאג. א כוואליע פון פרישער לופט — ארץ־ישראל־לופט, האט אונז ארומגענומען אין איינעם מיט די קרובים וואס האבן אויף אונז געווארט מיט בענקשאפט. אייגענטליך זענען דאס נישט נאר באקאנטע פון וועלכע מיר זענען עמפפאנגען געווארן, דאכט זיך אז אפילו די „מכס״־בעאמטען זענען עפעס אנדערש ווי אנדערע, העפליכער, גוטמוטיגער. ס׳קאן אויך זיין אז דאס איז די גרויסע סימפאטי וואס מען האט דא פאר די אמעריקאנער וואס קומען אהער, און ס׳קאן אויך זיין די ספעציפיש אידישע ליבע וואס ווייזט זיך ארויס אין געוויסע צייטן צווישן זיך־נישט־לאנג־געזעענע־ברידער; דער עיקר: דער עמפאנג איז געווזען ווארעם, היימיש, ברידערליך.

צום צווייטן מאל אין ארץ ישראל.

דאך איז מיין געפיל, אזוי רעד איך זיך איין, געוועזן אנדערש ווי ביי די וואס קומען ערשט צום ערשטן מאל אין לאנד. פאר 28 יאר ווען כ׳בין געקומען אלס חלוצה — די ערשטע און איינציגע פון מיין שטאט אין טראנסילוואניע — האט דאס לאנד אנדערש אויסגעזעהן: ווי ליידיג ס׳זענען געוועזן די שטחים

צווישן די ישובים — און אצינד — ווי באזייט זענען זיי מיט מושבות, קיבוצים, שטעטלעך, מעברות א. א. וו. פוןביידע זייטן צום פרעכטיגען שאסיי וואס פירט אונז פון לוד קיין תל־אביב. ס'כאפט אן א הייליגער ציטער און אן איבערגיסונג פון פרייד צוזעענדיג וואס אונזערע ברידער האבן אין אזא קורצער צייט פון אויפבוי געשאפן; די טרערן וואס כ'האב פארגאסן ביים פארלאזן דאס ליבע לאנד אבפארענדיג קיין אמעריקע, זענען געווען בארעכטיגט, דען בשעת איך און נאך אזעלכע האבן פארבראכט אין דרויסן, האבן אונזערע טייערע ברידער און שוועסטער מיט זייער שווייס געבויט דאס לאנד.

ב"ה, בני ברק, ב' ניסן, תשי"ג

אין דער שטאדט פון די תנאים — בני ברק

דער געדאנקענגאנג ווערט מיר איבערגעריסן מיט'ן אריינפארן אין דער רעליגיעזער שטאט בני־ברק. כמעט אנאנדערע וועלט פון דער א פאר־מינוטן ווייטערער תל־אביב און רמת גן: אידן מיט זייער אן אריגינאל אויסזעהן בארד־און־פיאות פון כל'ערליי פארמען; פרויען מיט טיכלעך און שייטלען און ועל־כולם: קינדער — אוי די אינגעלאך! שענע, פרומיטשקע מיט פיאה'קעלאך און יארמולקעס פול מיט אידישן חן. איך מיין דאס רבי עקיבא מיט זיינע חברים האבן זיך נישט וואס צו שעמען מיט זייער שטאדט — ס'ווערט אין איר נישט וויניגער געלערנט אצינד ווי אין דער אלטער צייט: בתי מדרשות און שולן, „חדרים" און קלייזלעך — אויף יעדן טריט, ישיבות אויף ישיבות און אויף זיי און צווישן זיי קוקט ארויס מיט שטאלץ און כבוד די גרויסע פוניביזער־ישיבה — א ריזן געביידע וואס שטייט ווי א ליכט־טורם פון אידישער חכמה און תורה אויף איינעם פון די בני ברק'ער בערגלעך. מ'קאן זאגן אז דא געפינט זיך א ספעציעלער רעליגיעזער קלאס, אידן וועלכע מאכן נישט וויניג כבוד דעם אידישן לאנד. אין איר האב איך זיך די ערשטע צייט אבגערוהט פון מיין רייזע.

ב"ה, בני ברק, ד' ניסן, תשי"ג

מעשה ברבי... שהיו מסובים בבני ברק

אז מ'האלט פאר פסח און מען גרייט זיך אן צום „זמן חירותנו" און מען געפינט זיך אויך צופעליג אין דער שטאט וואס ווערט די איינציגע דערמאנט אין דער הגדה של פסח — נישט ברמז, — וויאזוישע קאן מען דאס דיר סתם אדורכ־געהן און נישט זעהן דאס וואס ס'איז דא צו זעהן?! אייגענטליך זעט מען די

פאר־יום־טוב׳דיגע באוועגונג איבעראל וואו אידן וואהנען, אפילו די „פרייע״ פרייען זיך אויך מיט׳ן יום־טוב פון „באפרייאונג״... און יעדער זעט אז ס׳זאל אים, חלילה, גארנישט פעלן פון די פסח׳דיגע גערעטן און באצאלן דערפאר טייער געלד פארן מרור אפילו.. נאר בני ברק איז בני ברק — זי מוז זיין עפעס אנדערש ווי אירע שוועסטער־די אנדערע ישראל־שטעטלעך. קאן זיין ס׳איז דערפאר וואס איך פערזענליך זע אין איר אן אבשפיגלונג פון אידישן לעבן אין מיין שטעטעלע פון מאראמורעש־א לעבן וואס איז דורך רוצחישע הענד איבערגעריסן געווארן און האט אבער נישט געוואלט פארשווינדן מיט יענער פארשוואונדענער וועלט און האט דערפאר אנגענומען דא, אין בני ברק די פארטזעצנוג. — אבער מיט איר אייגענעם שטעמפל. בעשיינפערליך זעט מען ווי די קדושה פון יום־טוב שפרייט זיך אויס אויף דער שטאט מיט א פרילינגס־פראכט וואס איז אייגענס צו געשיקט געווארן אלס א מתנה.

פארזאמט א צדקה־געלעגענהייט

נאר דעם גרעסטן איינדרוק האט אויף מיר געלאזט דער הויפט־תנא פון דער שטאדט רבי עקיבא, נישט אזוי צוליב דער לאנגער גאס וואס ציט זיך פון איין עק שטאט ביז׳ן אנדערן עק, און וואס טראגט זיין נאמען — ווי צוליב פאר מיר א נישט אנגענעמער פאל וואס האט מיר פאסירט אין דער גאס. אין א פרייטאג נאכמיטאג, גיי איך אזוי פארקלערט און פארליבט אין די בני ברק׳ער קינדערלאך — און מוז זיך דערביי צואיילן צום פאסט־אפיס וואס וועט צוליב ערב שבת באלד נאכן „שופר בלאזן״ שליסן זיינע „טויערן״ און אט — א פיגור פון אן אויסגעמאגערט איד׳ל מיט אן אויסדרוק פון צער און באהאלטענער וויטאג, ווארפט זיך מיר אין פנים.. אט איז די געלעגענהייט צו אים צו צוגעהן, זיך א דורכשמועסן, אויספרעגן די סיבה פון זיין טיפן קימער. דער געדאנק, אבער, אז איך דארף נישט פארשפעטיגן די פאסט, רייסט מיך אוועק און טרייבט מיך צו „מיין״ ציל.. איילינג קום איך צום איבערגעלאזטן איד — נאר שוין איז ער נישטא... די שטראף פאר מיר האט אויך נישט געשפעטיגט צו קומען: נישט געהאט וועמען אויסצופרעגן; און מיין געוויסן מאטערט מיך נישקשה׳דיג: געהאט א געלעגענהייט, אפשר אראפצונעמען א ביסל צרות פון א איד דורך א געשענק, א פאר טרייסט־ווערטער — מי־יודע — אפשר בין איך אייגענס צוגעשיקט געווארן פון דער השגחה פרטית אים העלפן — און האב דאס פארשאבן, נישט באשטאנען

דעם נסיון.. א פאר טעג נאכאנאנד בין איך געלאפן צום זעלבן ארט: טאמער וועל איך אים דאך טרעפן — אבער אומזיסט. איך האב תיכף אויף מיר א תשובה גענומען: צדקה און הילף — נישט אויפצושיבן פאר קיין יעדן פרייז.

די „עולם־הזה־זייט"

איך וויל זיך נישט פארמעסטן און אפשאצן די גייסטיג־אידישע זייט פון דער שטאט — דאס „חציו־לד'דיגע".. דאס וועט זיין א צו גרויס וואגעניש פאר א פרוי בכלל; איך קאן זיך פארלאזן אויף זיי אז ס'איז כמעט „בסדר"... כאטש איך בין זיכער אז זיי האלטן נישט ווי איך... אלא נישט — וואזשע קומט דאס וואס זיי ווערן קיינמאל נישט פארטיג אין זייער „טאהן" פארן אויבערשטן'ס וועגן?.. נאר ווי א אמייזן־בורג זעט אויס די שטאט אין איר גאטעספארכטיגער זייט. אנגעהויבן פון „ראשית־חכמה" ביי די קליינע זיסע קינדער וואס טראגען דעם אידישען „יאך" אין דער געשטאלט פון א לאנג בא'ציצית'ן טלית־קטן און מיט געלאקטע פיאות באצירטן קעפל — א דורך די„חדרים", ישיבות, ווי זיי ווערן געפאנצערט אין רעכט אידישן גייסט קעגן די בייזע ווינטן פון כפירה און „מיסיון" וואס וואויען ארום אהן שטערונג, ענדיגענדיג ביי די גרויסע ישיבות וואס באצירן יעדעס בערגל, וועלכע דערגרייכען זייער הויכפונקט מיט דער שוין דערמאנטער פוניביזער ישיבה מיט איר מאיעסטעטישן פארנעם... ניין, איך וויל דא קיין דעה ניט זאגן — אבער די מאטעריעלישע זייט — דעם „חציו לכם" — אט דאס וועל איך מיר יא דערלויבן צו פארשטיין, דען וואס איז דאס אזוי שווער צו כאפן א קוק אריין אין א אידישער קיך, אדער אפמעסטן מיט איין בליק די „פולע סטארס מיט סחורה? — איר ווייסט דאך מן הסתם וואס דאס הייסט א פירמע.. און אז סע' שטייט דארויף געשריבען עפעס — מוז זיך די סחורה דארט געפינען — א יא? — בני ברק האלט נישט דערפון.. קומט אויס, אז למשל דער שילד שרייט־אויס, מיט גרויסע „קידוש־לבנה־אותיות": „בשר כשר" אדער „דגים טריים" — מיינט איר אוודאי אז אין „סטאר" מוז זיך געפינען בכלל פלייש אדער פרישע פיש?! דאס איז שוין אבהענגיג אין דער אינטערנאציאנאלע־לאגע, דאס הייסט אויב ארגענטינא אדער קעניא האבן ארויסגעשיקט זייערע פליישן אדער טערקיי — זיינע פיש.. אלא נישט — זיצט זיך דער געוועלבער מיט דער פעטער יארמולקע אויפ'ן קאפ און געניצט ארויס מיט לאקאל־פאליטיק ווער ס'איז דא חשובער צו בן־גוריון צו דער גרויסער „חזון

איש"... קומען אבער אן די איבערזיישע ליפערונגען — צעטראגט זיך דאס ווי א משיח׳ישע בשורה: „מ׳טיילט פלייש!" — וויפיל? — זאלט איר שוין גארנישט פרעגן.. אין אזא צייט בעט איך ג־ט ער זאל מיך באשענקען מיט פארגעסן: איך זאל קאנען פארגעסן, אביסל כאטש, די רייכע „מיט־סטאר׳ס" פון אמעריקא... לאמיר קיין ליגען ניט זאגן, עס זענען דא געשעפטן וואו מ׳קאן באקומען אלדאס גוטס פון דער וועלט־מיילע, דאס איז דאך א מזל־זאך — ווער ס׳האט געלט — קויפט.. אבער צו קויפן מעדני מלכים אין א געוועלב וואו ס׳איז דא פון „פויגל־מילך" — שוין נישט פאר געלד, נאר קעגן א הארט און לאנג פאפיר׳ל וואס איז צוגעשיקט געווארן פון א קרוב אדער אזוי א באקאנטן און טראגט דעם צויבער נאמען „סקריפ" — אט דאס פארשאפט שוין א ביסל פארדראס, דאס איז, הייסט שוין נישט „פון ג־ט" נאר „פון לייט"... דערפאר איז קיינער ניט געוועזן מיינס גלייכען, אז כ׳האב געקאנט פארטיילן א שיינע צאל פון אזאלכע „גליקס־צעטל" פאר אידן וואס האבן נישט דאס גליק פון זייערע קרובים אין אמעריקא עפעס צו באקומען. וואלטען די גוטע און הארציגע שטיצער פון „רפואה וחיים" געזעהן דאס גליקליכע פנים פון די מעברות־באוואהנער וועלכע האבן א היים געטראגן דעם גרויסן פאפירענעם טאש אנגעפילט מיט „כל־הגוטס", אויך צוגעשיקט פון „קרובים" אין דער געשטאלט פון „רפואה וחיים"־מעמבערס. איך האב זיך פערזענליך איבערצייגט ווי גרויס עס זענען די לייסטונגען פון די שטיצע וואס ווערט דורך אונזער קליינפארמאטיקן פילאנטראפישען הילף סאסייעטי דורכגעפירט. אז מ׳קאן צושיקן יעדעס מאל פאר די פון די לאגערס צוריק געבליבענע מיטללאזע פאמיליען, א „סקריפ", א פעקל קליידער, א מעדי־קאמענט או. א. וו. — איז, דאכט זיך, נישטא קיין גרעסערע וואוילטאט וואס מ׳קאן היינט־צו־טאג טאהן. ממש דערקוויקט האבן זיך די פילע צענדליגע פאמיליעס וואס האבן נישט לאנג פארלאזט זייערע חרוב׳געווארענע היימען אין גלות, מיט די פון מיר איבערגעבראכטע באשיידענע מתנות.

### א באזוך אין די אינסטיטוציעס פון גייסטיגן פארנעם

טאמער מיינט איר אז דערפאר וואס די פרוי איז פטור פון מקיים־זיין, לויט׳ן דין, א סך מצוות מעשיות, שטייט זי אבגערוקט אן א זייט און נעמט נישט קיין אנטייל אין גרויסן בילדונגס־ווערק וואס שפילט זיך אפ אין בני־ברק... דארפט איר נאר מאכען א בעזוך אין די היים אויפן נאמען פון „שרה שענירער", די

גרינדערן פון די „בית־יעקב״־שולן אויף דער גארער וועלט — און איר וועט דערזען אייער טעות. איך בין ביי די מיידלעך וואס באפעלקערן דעם מוסד א פסח־גאסט געוועזן. די איינדרוקן וואס כ׳ האב פון דארט אוועק־געפירט־לאזן זיך נישט מיט „דאלערס״ באצאלן... אדרבא, שטעלט אייך פאר, אז איר קאנט, ליכטיגע, אידישע טעכטער, שיינע און אידלע, זיצן שבת ביי לאנגע טישן און — זינגען זמירות, זאגען „תורה״ און די צארטע פינגער וועלכע האלטען „גוט־און־פרום״ דאס סידור׳ל אדער בענטשער׳ל — באוועגן זיך אז די וואך קומט „צו געזונד און צום לעבן"... און צו אלעם גוטען געווין״ — ביי די, שאפס, געשיקט און אזוי פראדוקטיוו, אז אייך דאכט זיך אז אן זיי וואלט די ארבייט אין ישראל געוועזן א האלבע.. זייער אפעלירען דורך מיר צו די „נשי עזרת ישראל״ אונטער די פיהרערשאפט פון רבנית פרייל, וועלכע שטיצט דעם מוסד, איז שוין דא איבעריג געוועזן, ווייל איך האב תיכף אייגגעזען, אז די מאטעריעלע זייט שטימט גארנישט מיט דער גייסטיגער — און פארוואס קומט זיי דאס?! האב איך זיך געפרעגט. און אזוי־ווי איך זאל פערזענליך טראגן די שולד — האב איך זיך פארענטפערט פאר די רביצינס פר׳ הערמאן און גריינימאן, די אנפירערינס פונ׳ם מוסד. א צווייט מיידל־היים אונטער דער לייטונג פון מרס. לעווין פון בראנקס־ניו־יארק־טוהט נישט ווייניגער אויף דעם געביט פון א גייסטיג־מאטעריעלער הכשרה און וואס זארגט פאר רעליגיעזער פראדוקטיווער צוקונפט וועגן דער אידישער טאכטער אין ישראל.

ב״ה, ירושלים ט׳ ניסן, תשי״ג

בני ברק איז נישט גאנץ ארץ ישראל...

אויב ס׳גלוסט זיך אייך צו מאכן א באזוך אין גליל (און וועמען גלוסט זיך דאס נישט?!) טא מוזט איר אייך אנטשליסען און צוריק אריין פארן קיין חיפה. דאס איז, אייגענטליך נישט אזוי שווער: כאפן א לויף פון בני ברק ביז תל־אביב און פון דארט אויף חיפה — איז נאך צום דערליידען; ווי איז אבער דער דין אז איך געפין זיך אין ירושלים? — א קלייניגקייט: ירושלים.. זיך קוים אנגעשלאגן צו דער מוטער ציון נאך א פארלויף פון 30 יאר (וואס זאג איך — שוין 2000 יאהר זיך מיט איר נישט געזען..) כאטש גיי און כאפ זיך אומפארשעמט אוועק — מעשה טוריסט — פון דער הייליגער שטאט, אבי סתם ארומפארן; אי׳ מקיים זיין א בפירוש׳ן פסוק „וראיתם את הארץ!״ איז אויך נישט מיט די

הענד אוועקצומאכן — אבער ווי קומט דאס צום טעם פון די צענדליגע פסוקים וואס רעדן אזוי צום הארץ אין לויב פון ירושלים... געוואלט, וואו ביסטו דאס אויף ג־טס וועלט! — א קלייניגקייט: ביסט אין ירושלים און נעמסט און גייסט און לאזט דיר איבער די מאמע־ציון, פשוט, סתם־אזוי, כדי ארומצולעגדרעווען מיר־נישט־דיר־נישט... ניין, ניט שיין פון מיין זייט...

ירושלים׳ס הייליגע שוועסטער

דאנק און לויב דעם אויבערשטן — געטראפן א תירוץ! דעם אמת געזאגט נאר איך זיך אליין אפ, דען ווער וועט מיר דען דאס גלויבן אז איך פאר אין גליל ווייל דארט געפינט זיך די הייליגע שטאט צפת פון וועלכער מען קאן קוקן אויף איר שוועסטער דער הייליגער שטאט טבריה...! דעם אמת ווייס איך און דער אויבערשטער אליין: איך האב אין יענער געגענד א שיינע פאר קונים פון „רפואה וחיים״, וועלכע קוקן שוין ארויס מיט בענקשאפט אויף מיין באזוך ווי אויף משיח׳ן וועלכער דארף, לויט אן אלטער מסורה וואס איז באקאנט ביי די צפת׳ער אידן, אנקומען פון צפת... און ווי האט דאס אמאל געזאגט א צדיק א קדמון וואס האט אין מיטלאלטער באזוכט ארץ ישראל: „וואס הייליגער דער ארט איז־אלץ מער חרוב׳ער איז ער...״ ניין דאס איז נישט בלויז א תירוץ — איך מוז פארן און טאהן מיין שליחות: העלפן און אונטערשטיצן; ליידיג טאר מען נישט זיצן אויף ג־ט ברוך הוא׳ס וועלטל, בפרט אין זיין ליבלינגס וועלטל ארץ ישראל. און איך לאז זיך אין גליל.

ב״ה, צפת, י׳ ניסן, תשי״ג

אין עמק יזרעאל — א טאל פון היסטארישע געשעהענישן

וואלט דער אויטאבוס מיך פון די ירושלים־בערג גלייך געפירט ארויף צו די גליל־בערג אין צפון — וואלט מיר אויסער דער פארבפארענדערונג, כמעט גארנישט געזאגט די טאפאגראפישע שענקייט פון דעם בארימטן גליל־לאנד און זיינע געשטאלטן; נאר אזויווי צווישן זיי זענען פאראן די צוויי פלאכלאנדגעגענדען: דער ברייטער קארידאר צווישן די הרי־ירושלים און תל־אביב און זיין שכן, דער פרוכטבארער עמק־השרון — אט די „טאלן״ האבן מיינע מחשבות דער וויטערט פון די „הויכקייטן׳ מיט וועלכע די בערג האבן מיך געשטימט־און איך האב פשוט הנאה געהאט פון די שענע לאנגע שטחים, באזייט און באפלאנצט מיט די „זיסקייטן

פון הימל״, באזעצט און באוואהנט מיט „די שבטים פון ג־ט״... דער אנבליק פון די מיר שוין באקאנטע כרמל־בערג האבן מיך דערמאנט וואוהין מיין וועג פירט אצינד נאר דא שטעלט זיך א ניי פראבלעם פאר מיר: פאר׳ן גליל־באזוכער זענען פאראן צוויי וועגן וועלכע פירן אין גליל, איינער דורך גליל־המערבי — צפת און דאן טבריה, דער אנדערער ווידער־עמק־יזרעאל־נצרת־טבריה און דאן צפת. דערביי איז נישט צו פארגעסן דאס גליל אהן בקעת הירדן געהט נישט: אראפגענידערט פון גליל דורך די מזרח־אבהענגן דערלאנגט מען אין אויבערשטן חלק פון ירדן־בעט וועלכער ענדיגט מיט זיין אויבערשטן אויסגוס אין ים־כנרת ביי וועלכענס ברעג ס׳ליגט די שטאט טבריה. איך האב געוויילט דעם ערשטן וועג; מיין אויטא האט מיך געפירט דורך עמק־זבולון־עכו־מירון־צפת. מיין דעה איז געוועזן מיר צו לאזן דעם שענעם עמק וואס „גאט אליין האט געזייעט״ (די איבערזעצונג פון „יזרעאל״ אויף צוריק וועגס) — און בין מיט שלום אנגעקומען אין צפת.

צפת — די שטאט פון די מקובלים און... פיינטערס...

דאס אריינקומען אין שטאט פון די מיסטעריעס האט געפירט אין א פאר קילאמעטערוויט ענטפערנטער ארטשאפט וועלכע האט מיך באדארפט, אזויצוזאגן, אנגרייטן און שטימען דערצו; מירון איז אן־און־פאר־זיך אליין א דערלעבעניש אין די טעג פון ל״ג־בעומר, נאר אפילו א גאנץ יאר האט דער פלאץ פון קבלה׳שער מיסטיק געננוג כח דיך אריינצופירן אין אנאנדער פון א געהיימער געדאנקען וועלט, וועלכע באגלייטעט דיך נאך א סך ווייטער אריבער צפת...

אריינקומענדיג אין די שמאלע געסלאך באלייגט אויף די זייטן מיט אין אראבישן סטיל געבויטע הייזקעס — א לאבירינט פון וואהנונגען פון וועלכע מען ווייסט נישט וואו דאס איינע הויבט זיך אן, און וואו דאס אנדערע ענדיגט זיך, באגלייט פון שמוציגע הייף אין וועלכע ס׳קוקן אריין קליינע פענצטערלעך מט נייגעריגע פנים׳ער. צפת די שטאט פון וואונדער און ניסים, וואס איז צוריק מיט הונדערטער יארן חרוב געווארן דורך א ערדציטערניש — און איז אויף דאסניי אויפגעבויט געווארן. נאר דאס גרעסטע וואונדער אירס איז, אין מיינע אויגן — פון וואס די שטאט לעבט.

...טאקע נאר פון ניסים. דא אין שטאט זעה איך דערווייל נישט קיין גרעסער נס, וואס איז, אגב, אויך אין אנדערע ערטער אקטועל. אין לאנד

דערציילט מען זיך, בקשר צו די נסים פון צפת אזא מין אנעקדאט; אן אויסלענדישער זשורנאליסט האט געפרעגט, אין די קריגסטעג, נאכ'ן באפרייען די שטאט פון די אראבער, ביי א צפת'ער אידן: וויאזוי קומט עס, דאס א פאר הונדערט אידן פון צפת האבן פארטריבן טויזנטער אראבער? — דארויף האט דער איד געענטפערט: צוויי כחות זענען דאס געווען — איינס — בדרך הטבע, דאס צווייטע — בדרך נס; און דער איד אין קאפטאן מיט בארד־און־פאות דערקלערט: בדרך הטבע — האט אונז ג־ט געהאלפן, בדרך נס — ס'איז געווען א נס דאס וואס מיר האבן געהאט אויך א פאר ביקסן... נאר נישט געזארגט דער ראש העיר מיט דער גרויסער בארד און מיט'ן חומש'דיגן נאמען „פדהצור" טראכט שוין אויף צו געבן דער שטאט א וואס־מער מאדערנער אויסזעהן און דער טוריסט, ווען עס לאנגווייליגט אים אביסל די צוריקגעבליבענקייט פון דער שטאט, דארף זיך נאר א קער־געבן צו דער נאטירליכער זייט פון איר — און ער געפינט זיך אין דעם אויבערשטענ'ס שענסטן טייל פון זיין וועלטל; ער, דער טוריסט קאן זיך גאנץ לייטיש זיין אויג אנזעטיגן — און דערפאר טאקע זענען איינגעלאדן געווארן מאלער־ארטיסטן וועלכע האבן זיך באזעצט אין א ספעציעלן פערטל, פון וועלכן אויס זיי באקומען זייערע קינסטלערישע אינספיראציעס, און דאס וואס דער בורא־עולם האט מיט זיין מאלערישן ווארט געשאפן־דארפען זיי צום אויסדרוק ברייננגען מיט זייער פינזל...

ב"ה, טבריה, יא ניסן, תשי"ג

## טבריה — די „ריוויערא" פון ישראל

ווייזט אויס אז די אויסדרוקען „הויך" און „נידעריג" — זענען נישט נאר גייסטיגע באגריפן — בייערט זיי האבן אויך געמיינזאמעס מיט די באצייכענונגען פון וועלכע זיי שטאמען אפ. דען אז כ'האב זיך אראפגעלאזט פון צפת'ער בערג טיף אין טאל אריין וועלכער געפינט זיך אונטער דעם אויבערפלאך פון ים, האב איך געפילט נישט נאר דעם דעך אביסל הארטער און שווערער נאר די מחשבות מיינע האבן זיך לאנגזאם אנגעהויבן אויסגלייכען, פשוט ווערן, פארפלאכן; און אז כ'האב זיך דערנעהנטערט צו די ברעגעס פון ים־כנרת האט שוין נאר מיין אויג פאר מיר דערהאלטן א טייל פון דער געטליכער דערהויבענקייט מיט וועלכער איך האב זיך אנגענומען אין צפת. די נאטור־שעהנקייט וואס נעמט ארום אט די צוויי הייליגע פונקטען צפת און טבריה לאזט זיך נישט קיינמאל געבוג באשרייבן.

מען מעג אבער זיין, דאכט זיך, ווי איינפאך און ווי אומגעבילדעט־ווערט דא גארנישט העלפען דעם וואס פארט אראפ דאס היבשע שטיקעל וועג פון צפת ביז טבריה: ער ווערט אן אנדער מענש. איך וואלט געראטהען יעדן וועלכער האט אין זיך א פונק פון פאעזיע — ער זאל קומען און מיטמאכן דא א שפאציר — ס׳איז געוואונשן אליין — און ער ווערט דערפילט מיט א נשמה וואס ער האט זי אין לעבן נישט געהאט. (דאס, דאכט זיך, האט שוין צו־טאהן מיט דעם סוד פון ארץ ישראל און ס׳גרעניצט מיט קבלה) איך, פאר מיר בין נישט אומשטאנד איבערצוגעבן אויף פאפיר דעם אנבליק פון ים־כנרת וואס האט זיך פאר מיר באוויזען ביים אראפנידערן די צפת׳ער בערג; ווי א גרויס אויג מיט אלע זיינע איינצלהייטען: אויגאפעל, ווימפערן — אין געשטאלט פון אידישע זידלונגען, ליגענדיג טיף אין זיינע ברעמען — דאס זענען די הויכע און פעטע בשן׳בערג, וועלכע זענען אמאל געוועזן דאס רייכסטע לאנד פאר׳ן פי־צוכט פון ארץ ישראל. נישט נאר די פארם פון א פידל וועלכן דער נאמען „כנרת" באדייט, נאר די גאנצע נאטור, דאכט זיך, שפילט דא צו אויף אירע געטליך־מוזיקאלישע אינסטרומענטן מיט אלע אירע פילטאניגע און פילפארביגע ווארציאציעס... און אין דער גרויסער נאטור־רייכקייט ליגט זיך, ווי א פערל איינגעפאסט, די שטאט טבריה: א קאמבינאציע פון טאל און בארג, פון אייראפא און לעוואנט; ארעמקייט און רייכקייט הארמאנירען דא אויף א נישט דערקענבארען אופן. מאדערנע געביידן נעבן אלטפרענקישע חאטקעס, הייל בעדער — נעבן הייליגע קברים א.א.וו. — א מאזאיק פון קעגנזאצן וואס מישן זיך צונויף כדי צו געבן דער שטאט איר כאראקטעריסטישע געשטאלט. נאר איינס איז, דאכט זיך מיר, פאר דער פאנאראמא פון דער עקזאטיק דא איבעריג: די מעברה וואס „באצירט" מיט איר „זילבערנעם גלאנץ" דעם בערג אפהאנג וועלכער בילדעט די גרעניץ פון מערשפיגל ביים אראפגאנג אין דער כנרת־טיפעניש. נאר, אפגעזען וואס מיך פערזענליך אינטערע־סירען דווקא די „בלישקענדיגע צעלטלעך", די גרופען פון בלעכענע הייזקעס, וועלכע זענען שוין געווארן א טייל פון דער ישראל־לאנדשאפט־„באצירן" אויך אין טבריה, דווקא, דעם שענסטן טייל פון איר פעריפעריע. טאמער מיינט מען, פון בילדשטאנדפונקט, אז זיי, די אהלים, צריפים, פחונים, בדונים און ווי נאך מען רופט זיי אין ישראל, זענען דא א איבעריגער אביעקט און פארווישען דעם מאלערישן איינדרוק דערפאר, אבער זענען זיי פון נאציאנאל עקאנאמישען שטאנדפונקט א נויטווענדיגקייט פאר טבריה, דען ווי וואלט זי, די שטאט

טבריה, געקאנט איר פנים אויפהויבען קעגנאיבער די אנדערע שטעט אויב זי וואלט אין איר שויס נישט אויפגענומען די פארוואגעלטע אידן וואס די גלות־לענדער האבן איר אפגעשיקט...?! און אויב אזוי — איז מיר נישט קיין חידוש וואס מיך האט אהין פריער געצויגן ווי צו די „אנטיקן" פון דער צוויי־הונדערט־מעטער־טיפליגענדיגער שטאט; איך בין אויך זיכער אז רבי מאיר „בעל הנס", דער רמב"ם און די אנדערע צדיקים וואס רוהען אין איר ערד, וועלן אויף מיר נישט קיין פאריבל האבן וואס כ'האב אן ענין פון צדקה, פאר זיי פארגעצויגן.. און דערפאר, טאקע, לויט מיין „שגעון" און שוואכקייט פאר די נויטליידענדיגע, בין איך תיכף נאך מיין אנקומען אין טבריה פארפארן צו דער מעברה און געפונען אז דא איז א סך צו טאהן, כדי דאס לעבן פון די ניי־אנגעקומענע כאטש אביסל לייכטער צומאכן, ביז זיי וועלן זיך אקלימאטיזירן און טרעפן זייער פלאץ אין נייעם און נישט לייכטן לעבן אבער וויכטיג פאר'ן אויפבוי ווערק פון אידישן פאלק און לאנד. דאס איז די איינע־זייט פון גרויען און וואכעדיגען לעבן אין איינע פון די פיער הייליגע שטעט אין ישראל...

ב"ה, ירושלים, י"ג ניסן תשי"ג

## ביי דער מאמע ציון

צו זיין אין די הייליגע שטעט צפת און טבריה און דערנאך זיך „פארוואכ־ענדיגען" מיט די פראפאנע אנדענקען פון לאנד, כאטש פראכטפולע, אבער גלייך מיט דער גאנצער וועלט... (אז מיר זענען „ככל הגויים" איז דאך אונזער לאנד „ככל הארצות") איז פון געוויסענסצושטאנד („מצפון" הייסט דאס דא) אומעגליך כמעט — וואז'שע טוה איך? — איך נעם און מאך זיך נישט וויסענ־דיג, דערצייל קיינעם נישט, כאפ און אנטלויף צוריק קיין ירושלים; מיט דעם האב איך פאר זיך אבגעראטעוועט די טיפע און ווארעמע עמפינדונגען מיט וועלכע כ'האב זיך אנגעזאפט אין צפת און טבריה און אזוי מיין גייסטיגען תענוג דערוייטערט און דערהויבן, ווי הייסט דאס ביי אונז — „מעלין בקודש" — און וואס ירושלים קאן דערצו פארהעלפן — באדארף איך דאך אייך נישט זאגן — ירושלים איז ירושלים... איך פרעג אייך: קאן איך, שוואכע אידישע פרוי, זיך אונטערנעמען און פארמעסטן און אונטערציען צו באשרייבן ירושלים?! ווי זאגען דאס מיר אין אקדמות: „ווען אלע טייכען זאלן זיין טינט, און... דאס איבעריגע ווייסט איר דאך, מן הסתם. נו, און אז אלעס איז שוין דא, טא

בין איך, א פשוט׳ער אמעריקאנער טוריסט, אימשטאנד דאס איבערצוגעבן, אפילו א טראפן פון דעם גרויסן ים ירושלים?! איך געפין גראד, אז דער פאר־גלייך פון ירושלים צו א ים איז א צוגעפאסטער, דען פונקט ווען איר קוקט אויף דער אויבערפלאך פון ים ווייסט איר נישט וואס אינעווייניג טוט זיך, אזוי זעט איר פאר זיך א שטאט ירושלים און קאנט נישט דערגרונטעוועז די סיבה פון איר פילארטיגען לעבן וואס קאכט פון אינדערפרי ביזן — — אנדערן אינדער־פרי... דען דאס לעבן הערט דארט נישט אויף מיט׳ן אנקומען פון דער נאכט. פון איין זייט ברעכן ארויס די קולות פון די יונגע־לייט אין די מאה־שערים־ישיבות וועלכע ווארעמען די געמיטער מילד און הייליג, און נישט ווייט פון דארט הערט איר די„געוואלדעס און שיסערייען" (נישט תמיד פון די ירדנישע לעגיא־נערן,..) פון־די איך גוט באקאנטע „קויבויס" פון טעקסאס פון ווילדן וועסטן נאך „מעטרא־גאלדווין־מאיער׳ס" שניט, וועלכע לאזן צוריק דעם צושויער א נישט־דערפארטיגטע פוסטקייט.. אט ריכט אפ א איד דעם טראדיציאנעלן פון טרערן און בענקשאפט אנגעוויטאגטען „תיקון־חצות" און וויינט אויף גלות השכינה, וואס נאך דער הייליגסטער טייל פון דער שטאט געפינט זיך נאך אין גויי׳שע הענד,.. און דארט, להבדיל, הילכט ארויס אן אויסגעלאסן געלעכטער פון א „מועדון־לילה" — א נאכט־לאקאל, הייסט דאס.. און אזוי אן א שיעור קאנט־ראסטען וואס שוועבן צווישן קודש און חול, טומאה וטהרה, סיטרא אחרא מיט, להבדיל, סיטרא דקדושה... אבער איין זאך איניגט זיי, די באוואהנער פון ירושלים: אומענדליכע ליבע און אפפערוויליגקייט פאר דער מוטער־שטאט, צו דער מאמע ציון, פאר וועלכער זיי אלע־אן אויסנאם — זענען גרייט זייער לעבן צו געבען צו יעדער צייט און צו יעדער שעה — און זיי האבן דאס נישט נאר איינמאל באוויזען. און די טרייע מוטער ירושלים האלט אירע קינדער, נישט קוקענדיג ווי זיי זעהן שוין אויס אין אונזערע אויגען, אין איר ווארעמען שויס און דריקט זיי צו איר מוטערליך הארץ... איז מען אין ארץ־ישראל, הייסט דאס זיין קודם אין ירושלים, איך, ווידער, בין איבעראל נאר צום „פארבייסן" צום צושפייז הייסט דאס פארכאפ איך מיט ירושלים. ווי איך זאל נישט אויס־קומען און וואס איך זאל נישט זעהן — ירושלים איז מיין בליצאבלייטער, דאס דעקט מיר מיין געוויסן; אין איר שויס שיט איך אויס מיינע געפילן, איר דער־צייל איך מיינע איינדרוקן און זי, פון איר זייט, באצאהלט מיר ביד רחבה, דערפאר זאל איך קיין וואונדער נישט זיין וואס אויף פסח, דעם פעסט פון באפרייאונג און

דערלייזונג האב איך דווקא אויסגעקליבן די שטאט ירושלים. דארט צו זיין איז שוין ווערט די גאנצע רייזע. ווי געזאגט איז אין איר אלעס דא. (דאס ווייס איך נאך־און איר פון דוד המלך׳ס מויל: ״....כעיר שחוברה לה יחדו״) יעדער האט דארט צו זעהן דאס וואס ער וויל, און איך האב געזעהן דאס שענסטע אין איר: דאס פילפארביגע רעליגיעזע יודנטום, די שכונה מאה־שערים — כמעט א פעסטונג — אין דאפעלט׳ן זין פון ווארט, מיט אירע מעטערדיקע ווענט וואס קערן דעם רוקן דער פון ווייטגעזעענער ברייטקייט פון דער ירושלים׳ער פעריפע־ריע וואס געפינט זיך נאך אין פרעמדע הענד — בשעת פון פארענט גיסן זיך צונויף די הייף אין א גרויסן אומגעטיילטן הויף וועלכער בילדעט א געמיש פון רשות היחיד און רשות הרבים צוגלייך (איך בין אבער אויך זיכער אז דער דין פון „עירובי חצירות״ איז ביי זיי נישט אזוי פארפלאנטערט ווי די רשויות און זיי זיינען חלילה נישט נכשל אין „הוצאה והכנסה״). באנאכבארטע פערטלען ווי „בתי מילנער״, „ווארשע״ און „גאולה״ או. א. וו. באהערבערגן אידן פון אלטען שניט — איר זעט פאר זיך אט אזוינע פנים׳ער וואס איהר האט זיך פארגעשטעלט צו זעהן אין ירושלים. נאר באזונדערס איז דאס בולט אויף דער נאכט: דען די ליכטער לאקן אייך און איר מוזט זיי פאלגען. און בשעת זיי אנטפלעקן אייך א נאכט־לעבן פון א „קאפע״ א „באר״ און נאך אזעלכע כשר׳ע אנשטאלטן־א־לא־פאריס, דערהערסטו דאס קול־יעקב ארויסהילכן פון צענדליגער שולן:... תנן התם.. אמר אביי — — מיט א קול ווי נישט פון דער וועלט; אדער איר פאר־נעמט דאס יאמערליכע געוויין פון א „תיקון־חצות״ אפריכטען, פול מיט דביקות און איר דארפט נאר א קוק טאהן דורך די הויכע אין גאטישן סטיל אויפגערי־סענע פענסטער וועט איר פאר אייך זעהן דאס פלאטערען פון א ים גרויע בערד פון זילבערנע זקנים, פארמישט מיט שווארצגעלאקטע, ביז צו גארטל אראפ־געלאזענע פיאות פון יונגע ישיבה־בחורים, פאר וועלכע ס׳עקזיסטירען אצינד נאר די ד׳ אמות של הלכה. אפאר טריט ווייטער — און א זונדערבארער אפ־קלאנג פון באקאנטע־אומבקאנטע קולות, עפעס אן אריענטאלישער מעלאדיע ציהט זיך ווי איבער לאנגע דורות פון ווייט צו דיר; א געזאנג דורכגעוויקט מיט ווייך־טאג, באגלייט מיט טיפער בענקשאפט און פארמישט מיט אומאויסגעדריקטער פרייד, וועלכע רייסט זיך ארויס ווי פון צווישן די שווערסטע גלות־קייטן — — — דאס זענען עס די טייערע ברידער פון תימן, בוכאריען און אנדערע מיטל־אריענט־אלישע ברידער וואס גיסען אויס זייער הארץ אויף גלות השכינה..

ב״ה, ירושלים, י״ז ניסן תשי״ג

דער הר ציון — א קבר פאר מיליאנען

איך ווייס נישט צו דוד־המלך איז אזוי דאנקבאר דעם ווארשעווער גאון׳ס זינדל, הרב ד״ר ש. ז. כהנא דער גענעראל־דירעקטאר פון רעליגיע־מיניס־טעריום, וואס האט ענטדעקט זיין קבר. אט די שעהנע הייל ווי לויט א הארציגער אגדה — ליגט דער גרייז־גראער דוד־המלך אין א גאלדענעם בעט, די קרוין אויפ׳ן קאפ, דאס פידעלע אויף דער וואנט, דאס תהילים׳ל אויפ׳ן טיש און ווארט מיט אויסגעשטרעקטע הענד מען זאל זיי אים אפגיסען מיט דעם דערבייאשטייענ־דיגן גן־עדן וואסער אין א קרישטאלענעם קרוג... אנשטאט אים, דעם קעניג, צו קומען און אנזאגן די בשורה פון אנקומען פון משיח — איז געקומען דער אויבנדערמאנטער רב און אים, דעם גרויסן יהודה׳שן מלך, געבראכט א מתנה: דאס אש פון 6 מיליאנען אידן... כאפ זיך נישט, דוד׳ל, אונדזער קעניג, משיח איז נאך נישט געקומען, דערפאר, אבער, הערן זיך שוין די טריט זיינע, דען דערוויל איז שוין נאך צוויי טויזענד יאר דא, ב״ה, א מלוכה אין דיין שטאט ירושלים, א ממשלה פון סאמע אידן... קאנסטו דיר, דוד, דיר גלויבן!? מיט א ריין אידישן פארלאמענט — „כנסת״ הייסט דאס, „עצמאות״, „ריבונות״ — דו קאנסט דאך עפעס גוט עברית — פארשטייסטו אט די אלע אויסדרוקן? נא וואזשע נאך ווילסטו, דוד׳ניו? איי משיח וואו איז? — נישט געזארגט ער וועט אויך קומען. ער וועט מוזן קומען... דערוויל, ליבער קעניג, רוק זיך אוועק אביסל אויף א־זייט און מאך פלאץ נעבן דיין הייליגער רוה, ביי דיר אין קבר פאר נאך עמיצן.. נישט מי יודע ווער, נאר פאר — — — — א זעקס מיליאנען אידישע נפשות וואס האבן אין א קורצער צייט פון 4־5 יאהר מיט זייער לעבן באצאלט פאר אונזער צוויטויזנט־יאריגן גלות.. — — — איך געפין זיך אין א הייל וואס האט, לויט׳ן שולחן ערוך דעם דין פון א קבר. אהער איז מען עולה רגל ביי יעדער געלעגענהייט — און אום פסח — אוודאי. דא קאן מען — מיש־טיינס געזאגט יוצא זיין מיט א קוק פון קבר־דאך אויפן „מקום המקדש״. אפגע־שיקט דיין גרוס דער געפאנגענער „כותל מערבי״ — קערסטו זיך אום צום קבר — „מרתף השואה״ הייסט דאס דא; אז כ׳וועל דאס פרובירען איבערזעצן מיט „קעלער פון פארניכטונג״ (געמיינט, נאטירליך די אידישע) וועט דאס זיין א גאנץ שוואכע „טראנסליישאן״... אבי געזאגט „פארניכטונג״ — א נעכטיגער טאג!

און ווען איר שטעלט זיך וויאזוי איר ווילט, און וועלן ארויסבאקומען פון דעם ווארט כאטש א טייל פון גרויסן אומגליק וואס האט אנגעטראפן אונזער בידנע פאלק — — קיינמאל נישט! אדרבא, שטעלט זיך פאר די „אנטיקן" פון דעם „אומגליק'ס מוזעאום" (א שפאגל־נייער נאמען פאלט מיר איין..) אט שטייט אין א געשטרייפטן חאלאט, וואס ציעט זיך פון אן אדערדיגן פארברענטן האלדז ביז די ביינערדיגע פיס פון א דארן איד פון וויטן תימן און — — זאגט א וויינענדיגן „קדיש" אויף נישט ווייניגער ווי א מיליאן טשעכישע און רומענישע אידען, וועלכע ליגן פאר אים אין געשטאלט פון גלעזערנע טיגלען מיט אש.. דארט כליפעט ביטער א מיט בונטע טיכלעך באוויקעלטע און מיט פארביגע פראנזען פארקניפטע פיגור פון א אידענע פון צפון־מזרח'דיגן מדבר'שן בוכאריען און באשיט מיט „תחינות" אין א מאדנעם אריענטאלישן טרויעריגען געזאנג, א מיליאן אידישע קינדער פון אייראפע וואס ליגן אנגעפרעסט מיט מערדערישער קאלטבלוטיגקייט אין געפארמטע קוואדרענקלס פון פארביגער טואלעטן־זייף, מיט דער הארצרייסענדיגער אויפשריפט: „ר י ף" (ריין יודן פעט). דא ווייזט מען אייך ווי די נאצישע חיות אין מענשן־געשטאלט האבן זיך אויך צו דער אידישער נשמה פארגריפן און דאס הייליגסטע ביי אידן, די ספרי תורה, צעריסן און פון קליידער גענייט — ווארשיינליך צוליב „טעאטראלישער אויסשטאטונג" זענען דאס אויפגענייט געווארען יריעות פון „רייניגקייטן" פון וועלכע ס'שרייט אראפ מיט א דראענדיג־בעטנדיגער שטים דער „לא תרצח" און פארוואנדעלט געווארן אין זשאקעטן, שיך, היטן און אנדערע קליידונגשטיקן כדי צו באפרידיגען די מאסען־מערדער ביי א קינסטלערישע פארוויילונג און די נייגעריגע מענשן־בעסטיעס א גייסטיגען תענוג צו פארשאפן — פון אידישן אונטערגאנג... ס'לאזט זיך נישט שילדערן דעם אנידערדריקנדיגן רושם וואס מען באקומט אין דער „הייל". די טרערן ווילן ארויסברעכען און קאנען נישט. די נשמות — די מיליאנען — געוואלד! די מיליאנען נשמות פון קינדער און זקנים, מאמעס און טאטעס, כלות און חתנים — — אלע, אלע שטייען פאר דיינע אויגען און בעטן א תיקון — א תיקון וואס הייסט „נקמה"! — קיין אנדערן נאמען קאנסטו דעם שרעקליכן געפיל וואס באכאפט דיך דארט נישט געבן — „נקמה"! שרייען זיי, די הייליגע נשמות צו דיר — „ביז דעמאלט וועלן מיר נישט רוהען"! דען ווי איז דען נאך פארהאנען אזא משונה אפטיילונג — א „סטייט דעפארטמענט" פון „פיין און נויט", ווי אין ישראל, א רעגירונג זאל נעמען און פינאנסירן אזא מוסד מיט א

יאר־בודזשעט און אנידערשטעלן ביי די דרייסיג „יארצייט־לעמפלעך" פאר אזא צאל לענדער — א לעמפל פאר א לאנד — אין וועלכע אידן זענען געשאכטען געווארען?!... איך קאן זיך שווער אפשיידן פון אט דעם מיליאנען באפעלקערטן „הייליגען ארט"; איך בין דא, צום מיין באדויערן, א גאנץ נאענטער מחותן: מיין גרויסע און פארצווייגטע משפחה פון קארפאטישען טראנסילוואניען, אין דער שפיץ מיט מיין טייערער מאמע, די צדקת **בלומה** ב"ר אפרים־פישל מיט אירע טעכטער, זון און אייניקלעך וואס זענען אין די גאז־אויוונס פון אויסשוויץ אומגעקומען. ווער ווייסט צו איז יענע שטיקעל זייף אדער דאס ביסל אש נישט פון זייערע גופים!.. דאס אנקומען פון נייע „משפחה־אנגעהעריגע" — וועלכע האבן אויך זייער גרויסן „חלק" אין דעם „בית החיים" — האט מיך אוועקגעריסען פון דעם הייליגען ארט בשעת כ'האב קוים צוגעצויגען צום ענד פון דער תפילה: „הבט משמים וראה!!

ב"ה, ירושלים, כ"ג ניסן תשי"ג

„קידוש החמה" אין ירושלים

כדי צו דערפילן — און איבערפילן — דאס מאס פון דערלעבענישן אין ישראל — האט פונקט אין דער צייט פון מיין באזוך געמוזט אויספאלען דער אנהויב פון א נייעם „מחזור" — אומלויף־אין דעם אייביגען דרייען־זיך פון דער זון כדי אויסצוגלייכן דאס לבנה־יאהר מיט דעם זון־יאהר. און פארשטייט זיך אז מחדש זיין די לבנה ביי אידן איז נישט קיין קלייניגקייט היינט־זשע נאך די זון מחדש זיין — און דאס נאך אין ירושלים.. און דעם אמת געזאגט, קומט דאס דאך נאר פאר יעדע אכט־און־צוואנציג יאר. און צו הערן אנזאגן די קאפיטלאך תהילים און די זעהר זעלטענע ברכות — דורך א פראדוקט פון דער ציוויליזאציע — דעם מיקראפאן, און דאס, אין צענטרום פון דער „אלטער וועלט" — מאה־שערים — מוז מען האבן א באזונדערע זכי'. און דאכט זיך אז די „מוטער־פון־אלדאס־לעבעדיגע", די זון, האט דאס פארשטאנען און איז מאיעסטעטיש ארויסגעטראטען אין יענעם אינדערפרי — ניי, געבענטשט און פראכטפול געפ־ארעמט, לייכטענדיג ווי אין טאג ווען דער בורא עולם האט איר באפוילן צו קיניגן־איבערלאזענדיג נאך א גאנץ שיינעם חלק פון איר גלאנץ פאר די צדיקים — לעתיד לבוא. אין היינטיגען ישראל איז מען געוואהנט אויף יעדער נייער פאליטי־שער, געזעלשאפטליכער אדער קולטורעלער איבערלעבונג, צו זאגען: ..."שוין

זייט צווי טויזנט יאהר האבן מיר נאך דאס נישט געהאט..״ קאנט איר דאך אודאי זאגן אז די זון האט תמיד געשיינט פון איר הימעלשען געצעלט אויף ארץ ישראל — והראיה: די אפגעברענטע בערג, דער אויסגעטריקענטער נגב, די אויס־געדארטע טאלן וואס דו באגעגענסט זיי ביי דיין ארומרייזען איבערן לאנד — — דארויף קאן איך אייך ענטפערן אז אויך ביי דעם פאל איז דאס שוין צום פאלקס־ווארט געווארענער משל אנגעבראכט: שוין צוויי־טויזענט יאהר האט מען דא נישט געזען אזא זון... דא איז כדאי צו דערמאנען א שיינעם זאג פון דעם נאצ־יאנאלען גרויסען דיכטער — משורר הייסט דאס דא — חיים נחמן ביאליק, אז „אויף וויפיעל ערד א פאלק האט אונטער זיינע פיס — אויף אזויפיעל הימל האט עס איבער זיין קאפ..״ — א שיינער זאג, הא? — און אנ׳אמת׳ער! אצינד זאגט איר וועמעס זון און הימל זיינען דאס געווען ביז אהער!? אונזער? — ניין! מיר האבן פארלאזט די בערג — זענען זיי ביי די גויים פארברענט געווארן; מיר האבן זיך דערווייטערט פון נגב — דאס לאנד פון די אבות — איז ער אויס־געטריקענט געווארן; מיר האבן נישט געפלעגט די שיך געפארמטע טאלן — זיינען זיי אין די שונאים׳ס הענד אויסגעדארט געווארן... תשובה אבער העלפט אויך דא — און מיר קערן זיך דאך אום צו אונזער לאנד און צו איר באדן און דערפאר איז דער יום־טוב פון דער זון א גרויסער און אנ׳אמת׳ער „חידוש החמה״ — מיר באנייען אונזער בונד מיט דער זון — ווי אין די ימי קדם — זי זאל פון היינט אן ווייטער מוטערליך ווארעמען אירע באוואהנער, קאכען די תבואות פון לאנד, צייטיגען די פירות־הארץ און לאזען בליהען די „ליליע פון שרון און די רויז פון די טאלן״... טויזענטער אידן — אנגעהויבען פון דעם מיט ציצית־און פיאות באפראנזטע מאה־שערים — אידן, אין איינעם מיט די העכסט־מאדערען־געקליידעטע נייע ארץ־ישראל אידן און פארבראקט מיט א שיין ביסל טוריסטן פון דער גארער וועלט — אט די אלע האבן ווי דיסציפלינירטע סאל־דאטן זיך א ספאנטאנישן דריי געטאהן אויפ׳ן באפעל פון „ספיקער״ דורכ׳ן מיק־ראפאן — צו דער מאיעסטעטיש דערשיינענדיגער זון וועלכע האט זיי באקרוינט מיט א מין „נייעם מעמד־הר סיני״ — ווי גלייך הימלען האבן זיך געשפאלטען אין מלאכים זאלן געוועזן אראפגידערן און אנטאהן „קרוינען״ אויף די דארט שטייענדיגע קעפ־מאסן; שירות ותשבחות האבן זיך ארויפגעריסן צום באשעפער פון דעם מייסטער־ווערק, די זון פון אויבן און די ערד פון אונטן. ערשט דעמאלט האט איר געקאנט פארשטיין דעם זין פון דעם „פרקי־אבות־ווארט״: „אלעס וואס

דער בורא עולם האט באשאפן — האט ער נאר צוליב זיין כבוד באשאפן..״ אין דאס געטליכע בילד, האבן זיך גרויסע רבנים פארמאסטן צו פרעדיגען אין זייערע דארט געהאלטענע דרשות, רעפארטערס — צו באשרייבען, און פאטאגראפן — צו פאראייביגען.. איך מיין אז איין־איינציגע תפילה פון א דארטיגען אמת׳ן אידן האט מער באגליקט צום אויסדרוק צו ברייננגען, ווי די אלע אויבן דערמאנטע — — מיט מיר אינאיינעם...

ב״ה, תל אביב, כ״ז ניסן, תשי״ג

פון „מעין עולם הבא״ צום עולם הזה

פונקט ווי א קערפער וואס האט זיך אבגעוואהנט פון זיינע עלעמענטארע נערשטאפן מוז צוביסעלאך צו זיך נעמען זיינע פארציעס — אלא נישט קאן דאס שרעקליכסטע פאסירען, געוני אויך אזוי איז דאס מיט דער גייסטיגער שפייז פאר דעם נפש.. איך האב, מיט איין ווארט, נישט געקאנט פארטראגן די שפע פון גייסטיגען „שפייז״ וואס מען האט מיר דא צוגעטראגען: ירושלים האט מיך איבערגאסען מיט איר מילדער האנד פול מיט געטליכן תענוג און הימלישער התלהבות און איך האב געהאט דאס באדערפעניש דאס אלעס קודם צו „פארדייען״. דערפאר האב איך זיך ארויסגע׳גנב׳עט פון ירושלים — קיין תל־אביב. ווי וואלט איר דאס געטאהן זיצענדיג, למשל, אין אויטא, באקוועם פארענדיג אויף דעם שענעם און גלאטן שאסיי וואס שלענגלט זיך אויף דעם וואונדערבארסטן אופן פון די ירושלים׳ער בערג צו די תל־אביב׳ער ברייט־פלאכן און אייער אויג קאן זיך נישט אנזעטיגען פון די שיינקייטן פון לאנד, אייער נאז פארנעמט די דער־קוויקענדיגען ריחות פון ציטרוס־פירות, אייער אויער הערט דאס רופן די לעבע־דיגע באשעפענישן וואס פילן אן די שטאלען, די שטייגען, און דו פארנעמסט דעם געזאנג פון די פייגל וואס האבן דא נישט לאנג באשלאסן, גלייך דעם אידישן פאלק, אויפצוהערן וואנדערן און אויך דא צו בויען זייער נעסט.. — — אז איך מאך א פארזוך דאס געזעהענע צו באשרייבען דערמאן איך זיך וואס כ׳האב אמאל געלייענט, אז אין משיח׳ס־צייטן וועט די שכינה רוהען אויף יעדן איינעם — קומט דאך אויס אז מיר געלינגט דאס שווערליך און איך מוז מיט מיינע שיל־דערונגען אויפהערן — איז עס, חלילה, א סימן אז ס׳איז נאך נישט די צייט — איז דאס נישט די ריכטיגע אויפפאסונג, דען דא, אצינד זעט מען „משיח׳ס טריט״ אין יעדן וועג, אן אנהויב פון דער גאולה — הייסט דאס ביי אידן, איז

דאס וואס מיינע איינדרוקן קומען אויפן פאפיר בלאס ארויס — איז דערפאר וואס מיט'ן ווארט איז מען נישט אימשטאנד אויסצודריקען דאס וואס דאס אויג זעהט, דאס הארץ פארנעמט, און די נשמה פיהלט; דאס מוז מען אליין זעהן מיט אייגענע אויגן. איך קאן דאס מעיד זיין אויף די קאלאסאלע ענדערונגען וועלכע זענען דא פארגעקומען זייט די, כמעט, דרייסיג יאהר ווען איך בין אלס די ערשטע חלוצה פון מיין קאמיטאט מאראמורעש אין נערדליכן טראנסילוואניען, קיין ארץ ישראל אנגעקומען, צו דער צייט פון באנייאונג פון דער אוניווערזיטעט — די ערשטע העבראישע אוניווערזיטעט אויף דער וועלט און אין ארץ ישראל. גלייך דעמאלט האט מיך פארטראגען דער וועג צו דער הייליגער מוטער־שטאט ירושלים. נאך היינט דערמאן איך זיך אין דעם הימלישן ציטער וואס איז מיך באפאלען, ארויפקלעטערענדיג אויף די ירושלים'ער הויכע בערג — — א נייער חן האט זיך אצינד צוגאסען אויף זיי א דאנק די פרישע זידלונגען וואס זענען באוואהנט מיט די טייערסטע און עדעלסטע חלקים פון אונזער צעשפרייטן פאלק: מיט די תימנער אידן — תמימות'דיגע, גוטע און גאטספארכטיגע זענען דאס די ביז־איצטיגע אזוי ווייט געוועזענע שבטים פון אונזער אומה. אויפ'ן גאנצן וועג שטייגן זיי דאס אויף די דארע, הויכע מענער מיט שווארצגעלאקטע פיאות באצירטע פנים'ער באגלייט פון זייערע בונטגעקליידעטע און פון דער זון אפגע־ברענטע פרויען — וואס די עדעלקייט קוקט ארויס פון זייער פנים — ווי פאר־וואגעלטע פרינצן און פירשטען־קינדער טראגן דאס די, מיט שווייס ארויסבאקו־מענע פראדוקטן פון צווישן שטיינער און ווילדע געוויקסען — אויף די מארקן פון תל־אביב און ירושלים.

ב"ה, בני ברק, כ"ח ניסן, תשי"ג

און ווידער בני ברק...

נישט קיין וואונדער וואס איך טייל זיך אזוי שווער אפ פון בני ברק, ווייל ס'איז דאך קלאר: וואו טרעפסטו אזוי גיך נאך אזא שטעטל וואס זאל זיין אזוי פול מיט אידישען חן ווי דאס? אמת ס'געפינט זיך אין ישראל נאך א סך אנדערע חסידיש־אידישע און ג־טספארכטיגע פונקטען; וואושע האב איך זיך אזוי אנגעטשעפעט אין בני ברק? קאן זיין, ווען כ'בין א מגיד וואלט איך שוין געטראפן א סמך, אן אנטשעפעכץ אין נאמען. א גרויסע העברייערן בין איך טאקע נאך נישט אבער א טייטש־ווארט פארשטיי איך אז „בני ברק" הייסט

„די קינדער פון בליץ". דער מגיד אין מיר וואלט שוין דא פארפלאנטערט א מין סמיכות הפרשיות ווי מ׳זעט, למשל, — דעם אידישען בליץ אין די אויגן פון די אידישע קינדער —. נאר אזוי ווי איך בין ווייט פון דרשנות מוז איך סתם זאגען און מודה זיין אז בני ברק לאזט מיך ניט צורוה: די טיפען אירע, די נפשות וואס דרייען זיך דארט ארום, דאס לעבן, דאס אויפשטיין־און־זיצן, דער אינדערפרי און דער אויפדערנאכט, דער שבת און אינדערוואכען, דאס גיין־און־קומען או. א. וו. איז דא אנציענדיגער ווי איבעראל. אין קורצן געזאגט: האסטו דיר אנגעקוקט בני ברק׳ער לעבן — האסטו אויך געפיהלט דאס פולסירען פון אמת׳ן רעליגיעזן אידישען לעבן אין ישראל. דא איז די דינאמיק פון אנ׳עולם הזה וואס טראגט אין זיך א „מעין עולם הבא"; דא איז די נשמה פון ארץ ישראל לעבן אין אידישען זין. איינער א לץ, זיך אומקערנדיג פון ארץ ישראל, האט זיך געוויצעלט אופ׳ן חשבון פון לאנד: ס׳איז א מחיה׳ניש אין ארץ ישראל — וואו האט איר דאס געזעהן אויף א וועלט אז אלץ זאל זיין אידן: דער בריוון־טרעגער — א איד, דער באן־פירער — א איד, דער קוימען־קערער — א איד, דער גנב — א איד, אפילו דער שבת־גוי — אויך א איד... איך קאן דאס זעלבע אויסבעסערען און נישט ליצנות׳דיג זאגן, אז די אלע אויבנדערמאנטע (מיט אויסנאם דעם גנב — אזעלכן האב איך אין בני ברק נישט באגעגענעט) זענען אידישע אידן.. אז איך באגעגען, למשל א פאסט־טרעגער וואס טראגט נעבן זיינע בריוו אויך א גרויסע בארד און שבת טראגט ער אנשטאט די בריוו א — — שטריימל, א הייסער חסיד פון וויזשניצער הויף וואס קאן לערנען און אז מ׳וויל — אויך אביסעל בדחנות אויף א חתונה...

אין „תור" פאר א רייכער „סקריפ טו ישראל" געשעפט

ארץ ישראל מוז דאך נישט זיין קיין אויסנאם פון די לענדער אין וועלכע געוויסע סחורות זיינען נישטא אין איבערפלוס צו באקומען, שטייט מען דערפאר אין „ליין" — „תור" הייסט דאס, און דווקא אויף אזעלכע סארטן סחורה וואס נישט פאר א יעדן זענען זיי געשאפן. דאס זענען, מוזט איר וויסן, די גרעסטע תורים אין לאנד וואס גליקליכע האלטן דעם באקאנטן „גליק־צעטל" אין האנד און קויפן פון וואס זייער הארץ גלוסט. אמת, מ׳קאן נישט פארלאנגען אז יעדער זאל האבן קרובים אין אויסלאנד; דער וואס האט נישט — באקומט נישט. איך קאן גארנישט דערצו טאהן וואס מיך בארירט אזא זאך — אבער צופרידן מעג

איך זיין וואס ג־ט האט מיר באשערט צו זיין די פירערין פון אזא סאציאלער חברה ווי ס'איז די „רפואה־וחיים" וואס קאן זיך דערלויבען צו מאכען א קליינע „רעוואלוציע" אין דער סאציאלער איינטיילונג און, אב און צו, צו שיקען די ארימע לייט, וואס האבן קיינעם נישט אין דרויסן, א פעקל שפייז, א סקריפ, א בינטל קליידער און, וואס הויפט־זאך א נויטיגע רפואה. געוויס קאן מען נישט אויספילען אלע ליידיגע פלעצער וואס בלייבן נאך דער גרויסער סאציאלער טעטיגקייט וואס די מדינה אליין פירט דורך, דען די נויט איז גרויס, דאס לאנד איז נייע און די מענשן וואס קומען אן זענען נישט אלע פייאיג זיך איינצופאסען אין ווירט־שאפטליכען לעבן פון דער יונגער מדינה, און די מדינה פון איר זייט קאן נישט נאכקומען אירע אלע פליכטען — — דעריבער איז זעהר — זעהר נויטיג די מאט־עריעלע הילף וואס קומט אן פון פארשידענע קוועלן און באזונדערס פון אמע־ריקא. די מעמבערס און די גוטהערציגע שטיצער פון „רפואה וחיים" קאנען שטאלץ זיין אויף דעם וואס זייערע סענטן טוהען דא אויף אין סאציאלער הינ־זיכט. וואלטן זיי דאס געזען וואס איך — — וואלטען זיך זייערעביישטייערונגען פילפאך פארגרעסערט.

ב"ה, בני ברק, ד' אייר, תשי"ג

אין הויף פון אן ארימער מעברה

ווילט איר — איז די אויפשריפט נאר א פראזע — וואו האט זיך דאס געהערט פון א רייכער מעברה?! — נאר אזויווי מיין קוקען אויף אן ענין איז א דאפעלטער: אן אויסערליכער און אן אינערליכער — קאן איך זיך טועה זיין, דען איך האב אין די צענדליגע מעברות — דער הויפט ציל פון מיינע באזוכען — אויך רייכטום געזעהן: רייכקייט אין אידישע געשטאלטן, פארשידענע אינטע־ליגענץ, פילפאכיגע קולטורן, א מאזאיק פון גלות'ן, א בבל פון שפראכן, א געמוי־זעכץ פון מלבושים, א געמיש פון זיטען און נאך אומצייליגע פארבען, כאראק־טערען און געוואהנהייטען, פון וועלכע מיר דאכט זיך דאס נאר ארץ ישראל מיט איר קיבוץ־גליות־פראבלעם איז דערמיט געבענשט.. און דאס איז רייכטום; אזא גלעגענהייט געפינט איר נישט אפט אין דער היסטאריע — — כדאי פאר איך דאס מיטצולעבן און כדאי פאר מיר, וואס כ'האב דערהויפט זיך דערמיט באפאסט; און דערפאר האבן אט די אלע „רייכע" ווערטן פון די מעברות, פלאץ געמאכט פאר די ארימערע אביעקטן, און איך האב זיך פשוט ארייגעלאזט באזו־

כען די „מה טובו אהליך יעקב" (ווי מען רופט דא, שפאטיש, די מעברות־געצעלטן פון בלעך, ברעטער, לייווענט, קארטאן) און דא איז ערשט געווען וואס צו זעהן — דאס הייסט אז כ'וואלט מיך מער געפרייט ווען דאס וואלט נישט געווען צו זעהן..

יעקב'ס קינדער לעבן ווי יעקב־אבינו...

זייט זיכער אז פאר א יאהר פארלאזט קיינער נישט די מעברה. אויב אזוי קומט יעדער אין דער לאגע צו זאגען דעם פסוק פון פאטער פון אידישן שבט „ביום אכלני חורב וקרח בלילה" געניער געזאגט „ווינטער עסט אונז דער רעגן און זומער — די היץ!". דאס קאנען זאגען אייך פאמיליעס מיט אכט ביז צען קינדער, וואס שלאפן אויף די אייזערנע בעטלאך פון דער „סוכנות" געשענקט, מיט אפגעריבענע מאטראצען, ווערן אויפגעגעסן פון מוסקיטען — אבער קיינער פון זיי באקלאגט זיך נישט, חלילה, טאמער האט מען דאס אויף ווען ס'איז א פאריבל איז דאס אויף די פאר חדשים וואס זיי דארפען נאך דארט אויסבלייבען ביז זיי טרעפן א לייטישען פלאץ וואו זיך צו באזעצען גלייך אנדערע ישראל בירגער, דען זייער אויסבלייבען לענגער אין דער מעברה איז אפהענגיג ווידער אין אייך, אמעריקאנער ברידער; כאטש זיי וויסן דאס, די מעברה איינוואהנער, אז אייער פליכט איז זיי צו העלפן דורך די מלוכה'שע און ציוניסטישע אינס־טאנצן, ווייל זיי ,די מעברה' איינוואהנער, האלטען אייך דאס לאנד, און בשעת איר לעבט אייך רוהיג אן זארגען — פילן זיי אן מיט מעברות אלע געפערליכע גרעניץ־פונקטען און פארהיטען דאס הייליגע לאנד פון רוצח'ישע איבערפאלען. טראצדעם קומען זיי נישט מיט קיין טענות צו אימיצען; און דווקא זייער שוויגען פארפליכ־טעט אייך מעהר. איך פון מיין זייט האב תיכף איינגעזעהן אז דא איז דער ריכטי־גער ארט פאר דער קליינער שטיצע וואס איז אומשטאנד צו פארשעהנערן דאס אומעטיגע לעבן אין די צעלטן דורך א מתנה פון „**רפואה וחיים**" וועלכע ווערט צו יעדער צייט זייער גוט איינגעבראכט.

ב"ה, ירושלים, י"ח אייר, תשי"ג

די פון „רפואה וחיים" אונטערשטיצטע שטורמען מיין האטעל

אין איבערראשונגען אין ארץ ישראל פעלט עס נישט — דאס גאנצע לאנד פאר זיך איז דאך א גרויסע איבערראשונג. נאר פאר מיר איז די איבערראשונג גע־

קומען פון אן אומגעריכטער זייט: אנגעקומען פון פלוגהאפן לוד אין בני ברק, דערנאך אין מיין קווארטיר אין ירושלים, נאך נישט קיין צייט געהאט זיך אויס־רוהען —- ערשט שטעהן שוין צענדליגער מענשען און ווארטען מיך; שטעלט זיך ארויס אז די פרעסע האט פון מיין אנקומען באריכטעט און אזויווי אין איינעם פון די טאג צייטונגען האט זיך באוויזען אונטער מיין בילד א גרויסער „ברוך הבא־ארטיקעל", אין וועלכען ס'ווערען געשילדערט די גרויסע פארדינסטען וואס „רפואה וחיים" האט אין א קורצער צייט זיך דערווארבען אין איר וויטפאר־צווייגטער טעטיגקייט; אין דעם דערמאנטען ארטיקעל ווערט אויסגעדריקט די האפענונג אויף א פארגרעסערטער און אויסגעברייטערטער נעץ פון סאציאלער הילף מצד דער „רפואה וחיים" — אין פארגלייך מיט די באדערפענישען וואס פארמערען זיך פון טאג צו טאג. און די עהרפולע פרעזידענטין איז א גאראנטי אויף די באלדיגע און שנעלע דורכפירונג פון איר הייליגע און הומאנע טעטיגקייט. „דערווייל האבען די „רפואה וחיים־פאציענטען" געטאהן זייערס און מיך געט־ראפען און — באלאגערט.. דעם כבוד וואס כ'האב באקומען, די טויזענטער ברכות וואס האבען זיך געשיט איבער מיר און די הארציגע „ברוך־הבא'ס" — — האב איך אויף איין מינוט נישט אויפגעהערט זיי צו „בוקען" אויפ'ן חשבון פון די איידעלע שטיצער און מעמבערס פון „רפואה וחיים", אירע קאמיטע מיט־ארבייטער אין וועמעס כח און אויפטראג איך פיהר אויס מיינע פליכטען.

א געהאלפענע שילדערט מיר א „נס" דורך „רפואה וחיים"

דערזעהענדיג זיך ארומגערינגעלט אזוי הערצליך און ווארעם פון אזא דאנקבארער חברה, האב איך פשוט פארלוירען דאס לשון — ווי קאן מען דאס רעדן אז מען הערט לויבגעזאנגען פון אויפריכטיגען אמת'ן דאנק... נאר דא האט זיך ארויסגערוקט איינע א פרוי מיט א זייער כאראקטעריסטישער באגריסונג — מיט אט די ווערטער: „גברת ווערטהיימער! רעטערין פון מיין זון! ווי גליק־ליך בין איך וואס כ'קאן דריקען אייער איידעלע האנד..." און זי פארלאנגט ביט וויינענדיג ווי מיין באזוך — און טאקע שוין — ביי איר אין שטוב כדי צו זעהן דאס „רפואה וחיים" וואונדער" — איר זון.. נישט פרעגענדיג האט זי צוגעט־ראגען צו מיר צוויי מתנות — אנערקענונגען פאר מיר און פאר'ן חשוב'ן טרע־זשורער, מר. לואיס אדעלמאן, וועלכער האט באצאלט פאר דער מעדיצין.. אז די פרוי איז צו זיך געקומען פון געוויין וואס האט זי געשטיקט, האט זי די פאלגענ־

דע ריהרענדע איינצעלהייטן דערציילט: „דער דאקטאר האט מיר אן פירושים דערקלערט, אז ס'וועט געשעהן א נס און דער מעדיקאמענט וועט ביז דריי טאג נאך אנקומען — איז נאך פאראן א רעטונג פאר מיין קינד. איך שטיי א פאר־צוויפעלטע ביים בעט פון מיין „אויג אין קאפ" און ברעך די הענד פון אומגליק וואס מיך דערוואַרט, דער דאקטאר — נישט ווייניגער אומבאהאלפען — באטראכט מיט ווייטאג דעם אויפגעגעבענעם פאציענט — — ערשט, עס עפענט זיך די טיר און־ווי א מלאך פון הימל — באווייזט זיך דער פאסט־טרעגער מיט דעם פעקל „סטרעפטאמייציך" וואס „רפואה וחיים" האט געשיקט מיט לופט־פאסט; איך זון איז געראטעוועט געווארען. נאך אייך פאמיליע — צווישען צענדליגע אנדערע — איז א דאנק „רפואה וחיים" גליקליך און צופרידען אין ישראל.

„רפואה וחיים" ענטפערט דורך מיר אויף די באגריסונגען

ביי יעדער געלעגענהייט האב איך מיינע באגריסער און עמפאנגער געלאזט אנצוהערן, אז איך בין נישט געקומען אהער דאנקזאגונגען צו זאמלען, נאר כדי פון נאהענט זיך באקענען מיט די וואס שטעהען מיט אונז אין קאנטאקט און צו פארזוכען צו העלפען נייע ברידער וואס נויטיגען זיך אין שנעלער הילף און אין שטיצע. אויב ס'קומט שוין יא עמיצען א דאנק — געהערט ער דעם „רופא חולי עמו ישראל", קודם, דערנאך די גוטע מעמבערס וועלכע גיבן די מעגליכקייט צו לייסטען דאס ביסעלע מיט וועלכען מ'האט שוין גרויסעס אויפ־געטאן. דערביי לאז איך זיי נישט, פון מיין זייט, פארגעסן אין די אנדערע אינסטיטוציעס פון דער גארער וועלט, און באזונדערס פון אמעריקא, וועלכע וואכען טאגטעגליך צו לינדערען די נויטען פון ישראל אונטער יעדער פארם פון מוסדות — וואס קיין איינע פון זיי, אפילו די וואס ווערען אויסגעהאלטן מיט אייגענע מיטלען, קאנען נישט עקזיסטירען אהן דער הילף פון די אמעריקאנער אידן; און זיי, פון זייער זייט, לאזען מיך הערן אז די אמעריקאנער אידן האבען נאכנישט יוצא געווען, דען אזויווי א כשר'ער איד נעמט אויף זיך ביים „אויפ־שטיין־און־לייגן' דעם „עול מלכות שמים" אזוי מוזט איר, אמעריקאנער ברידער, אויך א מאטעריעלען יאך ארויפלייגן: אויף קיין מינוט נישט פארגעסען אין אייער פליכט, אן אנגענעהמע, א ברידערליכע פליכט, קעגען אייערע ברידער פון ישראל, וועלכע לייגען גרויסע האפענונגען און גרויס געוויכט אויף אייער

מאטעריעלער און מאראלישערביישטייער אין זייער היסטארישען ווערק וואס רופט זיך מדינת ישראל.

בייטאג — אין קעניגרייך פון דער זון

זומער. דער טאג הויבט זיך אן דווקא נישט אזוי פארביסען בייז ווי ער זעהט אויס אין די קומענדיגע שעה'ען פון ארץ־ישראל־דיגן ארבייטס־טאג: רוהיג, קיהל, מילד — כמעט מחיה'דיג. נאר פלוצים, נישט וויסענדיג פון ווען און פון וואו שטעלט זיך אריין דער טאג אין אמת'דיגען זומער־מלבוש, אין דער סוב־טראפישער אטמאספער — און דו ביזט שוין איסגעזעצט דער אומברחמנות'דיגער היץ. שוין נישט מער וויכטיג ווי דאס רופט זיך אן אין דער איזאטערמישער שפראך: היץ, חמסין, שרב און נאך אזעלכע נעמען וואס דערמאנען אן דעם אויוועז פון א גלאז פאבריק — נישט חשוב, דער עיקר: ס'איז הייס און ס'קאכט און אלס א רעזולטאט דערפון — שוויצט מען (וואס דען קאן מען טאהן!) אזוי וויט אז „שוויצען" איז דא געווארן א שם נרדף צו „זיך וויכטיג מאכן", הויכשטא־פלען או. א. וו. דא קאן מען, הייסט דאס „שוויצען" און דערביי גארנישט טאהן, אבי יענער זאל מיינען אז מ'טוט עפעס. נאר דעם אמת'ן „שוויץ" כאפט מען אונטער דער קאכעדיגער זון וואס שניידט דורך דעם ווי פון מעטאל אומענדליך אויס־געצויגענעם הימעל און בריט דיר דיין קאפ און האלדז־און־נאקן, נישט אפ־לאזענדיג ביז דו טרעפסט דיר נישט עפעס־וואס־איז א ווינקעל מיט א שאטען אויף דיר: א דעכל, א שיטער ביימל — זאל זיין וואס ס'איז אבי דו זאלסט דיך נישט וויזן דעם פנים פון דער גרויזאמער מוטער זון. נאר דעמאלט, אין איר גרעסטער שטרענגקייט און מענשענפיינדליכקייט, ווען יעדער איינער זוכט ווי וויט מעגליך פאר איר ברוגז'ן פרצוף זיך צו באהאלטען — איז זי, די בייזע זון, פאר א סארט מענשען זייער מילד און גוט, און זיי, די פון איר פריוועליגירטע, ממש זיי קוקען ארויס אויף איר ווי אויף משיח'ן — דאס זענען די קיאסק־באזיצער אין די גאסען־ווינקלען וועלכע פארקויפען אייך אלערליי קאלטע משקאות וואס נאר זיי זענען אימשטאנד אין די איבערגעמידעטע, צעשמאלצענע מענשן־קינדער א דערפרישונג צו ברענגען; פאר זיי איז זי די זון, געוואונשען, מילד, לייטזעליג און טריי. פאר יעדען אזעלכען שטיבל שטעהען הייפלאך אויסגעמא־טערטע געשטאלטען און ליידיגען אויס זייערע גלעזער מיט קאלטע געפארבטע געטראנקען אין די העלדזער אריין קוקענדיג דערביי מיט איין אויג צו דער זון

מיט א פארוואורף, ווי איינער רעדט: נישט שעהן פון דיר וואס דו מאכסט פראָ־טעקציע, פון דיר, זון, האבן מיר דאס נישט דערוואַרטעט... פון דארט אבער איילט יעדער אהיים — נישט אזוי צו דער פאמיליע ווי צו דער אויפמונטערנ־דיגער „מקלחת", „טוש" הייסט דאס, וועלכע גיט אריין א נייַ לעבען און מאכט פארגעסען דעם מי־טאג און גרייט אן צו פייערליכען עמפאנג פון דער איבערויס שיינער און — וואס וויכטיג — קילער נאכט.

## ביינאכט — אין קעניגרייך פון דער לבנה

טאמער האסטו געמיינט אז די תמוז־זון וועט דיך באלד האבען אפגעֿקאכט און אן עק האט דאס פון דיר גענומען — קומט דער אויפדערנאכט — האסטו באלד פון אלעמען פארגעסען, ביזט מוחל די זון וועלכע שפאצירט זיך אצינד איבער די קעפ פון די אינדערהיים געלאזטע פאמיליע — אין אמעריקא. (ווייל נישט אלע אמעריקאנער אידען געפינען זיך דא אין ארץ ישראל — פונקט אזוי — ווי נישט אלע ישראלים זענען אין אמעריקא אלס שלוחים..) אויפן ארט פון דער שטאל־הארטער זון אויף דער גליענדיגער הימלפלאטע — שפאצירט איצט איר שוועסטער, די בלאסע לבנה אויף אן אויסגעשטערנטן טיפבלויען טעפיך און שפרייט אויס מיט איר מילדער האנד, צויבער, באגייסטערונג, חלומות און — וואס דער עיקר איז: א מילדע, דערפרישנדיגע קיהלקייט וואס קאן נישט באצאלט ווערן און בכלל נישט אפגעשאצט ווערן אין ווערטה פאר דעם אנגעשטרענגטן ישראל־בירגער. די בעסטע מתנה וואס דער אויבערשטער האט זיינע קינדער אין דעם קליינעם, אבער בא'טעמ'טן לענדל אין אומאויפהערליכקייט געגעבן — איז די רו — און דערקוויקונג — ברייענגענדיגע נאכט. דען בשעת די קעניגען לבנה מאכט איר נעכטליכע „עקסקוירשאן" אין באגלייטונג פון איהרע שטערנ־בילדער אין די אומענדליכע פלעכן פון די הימלספעלדער — ליגט זיך דער ארבייטער פון יעדן ווינקל אין לאנד אויף זיין באלקאן אדער טעראסע־מרפסת — הייסט דאס דא, און אטעמט טיף־טיף איין די ריינע — קיהלע לופט וואס די ווינטלעך ברענגען אים אונטער, און מיט א טיפען צופרידענעם דעך דריקט ער אויס זיין דאנק און צופרידענהייט פאר'ן בורא עולם וואס האט אים צוגעטיילט דעם קליינעם, באשיידענעם חלק: צו וואהנען אין לאנד פון די אבות „צו עסן פון אירע פירות און זיך זעטיגען פון איר גוטס" — ווי מיר זאגען אין בענטשען. — קיין גרויסע אנשפריכן און פאדערונגען האבן די ארץ־ישראל־אידן נישט —

ארבעט, א וואס איז לייטישע דירה, און שלום ביי די גרעניצן — דאס איז אלעס וואס זיי, אונזערע ברידער ווינשען זיך; דערפאר טוהען זיי דאס שווערס־טע און פאראנטווארטליכסטע אויף דער וועלט: זיי דערפילן די גרויסע היסטא־רישע שליחות פון דעראבערן און דערהאלטען דאס פאטערלאנד פאר דעם אידי־שען פאלק וואס זיצט נאך איבער׳ן „טאפ פלייש״ אין די גלות־לענדער.

ב״ה, בני ברק, כא אייר, תשי״ג

א באזוך ביי א׳ „פאציענט״ פון „רפואה וחיים״

א פרישער און קיהלער מארגען האט זיך אראפגעלאזען אויפ׳ן זאמדבערגל וואס שטעהט אויף דער צפון־מזרח׳דיגער זייט פון תל־אביב און אויף וועלכענס אפהאנגען זענען אויסגעזייט די רעליגיעזע שכונות (קווארטאלן) פון בני ברק. אין דער פענסיאן פון „זכרון מאיר״ (געגרופען נאכ׳ן גאון רבי מאיר שפירא, דער גרינדער און ראש ישיבה פון דער בארימטער „ישיבת חכמי לובלין״) וואו איך לאזשיר מיט נאך פילע געסט פון לאנד און אויסלאנד וועלכע ווילען פארברייננגען זייערע פאר פרייע טעג אין א רעליגיעזע סביבה — איז שוין די באוועגונג א גרויסע: ווער ס׳דאווענט ביחידות, ווער ס׳זינגט זיך אונטער, ברומענדיג א פאר קאפיטלעך תהילים, ווער ס׳וויל פשוט געניסען דעם ארץ־ישראל׳דיגן מארגען וועלכער איז פאר דעם זידענדיגען טאג ממש נישט צו באצאהלן. צו מיר האט דער מלאך פון שלאף אביסל שליטה און רעדט מיר יצר הרע׳דיג צו: צו וואס זיך איילן — ביזט זיך אזויפיל אנגעלאפען נעכטען — וועסט נישט אנטרעפן אויך שפעטער דיינע „מצוות״? — דאס דערמאנט מיך אין איינעם, וואס ווען מ׳האט אים געפרעגט פארוואס ער איז תמיד הינטערשטעליג אין זיינע פליכטען — האט ער געענפערט אז אין דעם איז שולדיג נאר ז ע ל י ג.. ווער איז דאס? — דאס איז דער יצר הרע וואס טענה׳ט צו מיר ווען איך וויל אויפשטעהן: „זע, ליג״ נאך א ביסעל... נאר דאס אנקומען פון מיין נעפיו ר׳ גדליהו שטיין פון א צווייטער שכונה, וועלכער באגלייט מיך אויף מיינע באזוכן — האט מיך דערמאנט דאס איך מוז מיך צו־איילן מיט מיין מארגען־פראגראם, וואס איז צונויפגעשטעלט פון דאוועגען, איבערלייענען די בריוו, ענטפערען אויף זיי, נאטירען די נעכטיגע איינדרוקען — און עפעס אויך געבען דעם זינדיגען גוף... נאר די „רפואה וחיים״ — שליחות טרייבט מיך צו, און איך כאפ אלעס אפ און בין שוין מיט מיין ליבען און אינטערסאנטען באגלייטער, דעם זון פון מיין ג־ט־זעליגער

שוועסטער ראכיל ז״ל, אויפ׳ן וועג קיין תל־אביב — די שטאט פון קולטור, קונסט, אינדוסטריע, חלוציות, עשירות און... שרעקליכע ארעמקייט. מיר דרייען זיך מיטן סוטקייס אין דער האנד, זיגזאג פון איין גאס אין דער אנדערער, מ׳קערט זיך אום און מ׳זוכט ווייטער, גייט טרעפ־ארויף, טרעפ־אראפ ביז די „שיטערע״ אינפארמאציע פארטראגט אונז גאס־איין — גאס־אויס אין א געסל מיט א נומער 18, וואס כאטש ס׳קאן דארט נישט זיין, לויט׳ן אויסזעהן, בשום אופן, אבער אז ס׳איז נישטא קיין ברירה — זענען מיר גוזר אז דארט מוז דאס זיין — און כך הווה. ס׳דויערט נישט לאנג נאך אונזער לייכטען קלאפען — עפענט זיך א פארלאדענט פענסטערל און ס׳ווייזט זיך אין אים א מענשליכער קאפ, צעשויבערט, ספק פארשלאפען, ספק פארהארעוועט, און אפשר פאר׳צרה׳ט — און פרעגט, וואס מיר ווילן. נאך אונזער פרעגען דערהערנדיג זיין נאמען, לאזן מיר פאלען דאס צויבער־ווארט „אמעריקא״ באגלייט פון „ווערטהיימער, „רפואה וחיים״ — מיינענדיג אז דאס וועט אים שוין אלעס קלאר מאכען — ערשט פארלאנגט ער אונז צו ווארטען אין דרויסען. דער קאפ פארשווינדט אינעווייניג און נאך א גוטע האלבע שעה עפענט זיך א טיר פון אן ארימער טישלערווערקשטאט דורך וועלכער מיר שלייכען זיך אריין אין א געווען צימער אנגעלייגט מיט ברעטלאך, זעגלאך, הובעלברעטער, זעגשפענער, און צום פאררייכטען צונויפגעווארפענע בענקלאך — — און אין דעם גאנצן הארמידער דערזעהען מיר א צורה פון א פרויענצימער מיט א געשוואלען פנים וואס איר הויפט קראנקהייט, דער פאראליז, מאכט זיך תיכף מערקבאר. לאנג נעמט דאס נישט, און אונז ווערט ביטער קלאר דער שרעקליכער מצב פון אן אלטען פארפאלק וואס וואהנען אין איין צימער אונטער די שרעקליכסטע באדינגונגען פון נויט און עלענט. די פרוי צעווישען פופציג־און זעכציג יאר אלט, איז „באשאנקען״ מיט אן אלגעמיינער ליימונג וועלכע האט איר נאך איבערגעלאזן א פאר איברים גאנץ כדי זי, די פרוי, זאל קאנען שפירען די ווייטאגען, און כדי פלאץ צו מאכען פאר אנדערע קראנקהייטען — — זיצט אומבאהאלפן אויפ׳ן איינציגען בעט אין דעם צימער, און איז מיט אלעס אנגעוויזען אויף איר אלטען פארמאטערטען מאן, וועלכער ווייסט נישט וואס פריהר צו טאהן, צו ערפעס דערלאנגען זיין, פון אומגליק געטראפענעם וויב, צו זיך א כאפ־טאהן אין קאכווינקעל, אדער צו דערענדיגען א באשטעלט רעפאראטור, אדער צו לויפן נאך א רעצעפט. נאר אנשטאט צו ווערען איבעראשט פון דעם גרויסן „אמעריקאנישען באזוך״, פון דער פרעזידענטין

אליין — ווערען מיר איבערראשט פון זיינע „טענות" צו אונז: הלמאי ער האט באשטעלט די טאבלעטען קארטיזאן וואס דער דאקטער לייגט אויף זיי גרויסע האפענונגען, נאר ס'איז נישט אנגעקומען די פולע צאל וואס זיי האבן פארלאנגט, נאר די העלפט, און זיי מוזן ווארטען אויף דער אנדערער העלפט. איך גיי, נאטירליך, פון דארט תיכף אויפ'ן פאסט־אפיס און באשטעל די גאנצע צאל טאבלעטען מיט לופט־פאסט פאר דער פרוי. נאר דא דערמאן איך זיך אין א צווייטען ענליכען פאל — נעם איך, אונטער הייליגען צוזאג, דאס פלעשל טאבלעטען, איבערלאזענדיג זיי א „סקריפ", אנווינשענדיג זיך געגענזייטיג — און פאר דערמיט קיין ירושלים העלפן א נאך דרינגענדיגערען פאל.. ווען נאר דער מעדיקאמענט פון פילאדעלפיע אנקומען אין רחוב „נחלת בנימין", סימטת סירקין, מספר 18 — ווייס איך אז די „רפואה וחיים" מעג צופרידען זיין אויף דעם וואס זי האט אויף זיך גענומען אזא הייליגע מיסיע און וואויל איז די מעמבערס וועלכע נעמען אנטייל אין איר — און אז איך בין געווען דער גוטער שליח צו דער מצוה — איז שוין כדאי געווען מיין קומען, אפילו נאר צוליב דעם, אהער.

ב"ה, ירושלים, כה אייר, תשי"ג

קליינע נאטיצן פון מיינע באזוכען אין ישראל

אזויווי איך בין נישט קיין גרינע אין ישראל, נישט נאר דערפאר וואס איך בין שוין געווען דא פאר א 30 יאר, נאר ווייל מיינע זיידעס און עלטערזיידעס — מיט די באבעס, נאטירליך, זענען אהער געקומען שטארבען.. און אז איך שמועס פון ארץ ישראל קלער איך תיכף אן די פיער הייליגע שטעט: **ירושלים** — מיט איר „כותל מערבי", **חברון** — מיט איר **„מערת־המכפלה"**, **צפת** — מיטן „האר"י הקדוש" און **טבריה** מיט „רמבעה"ן". חברון און דאס אלטע ירושלים ליגט נאך, ליידער, אין שונא'ס הענט, אבער דאס גרויסע ירושלים — האט אונז דער אויבערשטער געלאזען, און וואס ס'באדארף שפעטער געשען — פארלאז איך זיך שוין אויף דעם מוטיגען און פעהיגען צה"ל — ער ווייס שוין וויסען וואס ער האט צו טאהן — נישט מיין עסק.. איך זעה פאר מיר דאס הייליגע ירושלים מיט אירע הונדערטע מוסדות צדקה — סיי הייליגע, סיי וואכעדיגע; די וואכעדיגע געהן מיך נישט אן — פאר זיי זארגט שוין די ממשלה. מיך אינטערסירען דאסמאל אויסשליסליך די צדקה־אנשטאלטען, און איך כאפ אריין אין באזוך נאכ'ן אנדערען, קום אויף א ווייל און קוק אויף א מייל.. צו

אלעס געפעלט מיר — צונישט — וועל איך איצט נישט שרייבן, נאר זאגן זאג איך אייך, אז א סך איז מיר יא געפעלען געווארען און דערפאר וויל איך דאס בקיצור באשרייבן.

מושב זקנים אין קטמון — ירושלים — די זקנים דארט זענען פון די פארשידענע עדות — מייסטענס אריענטאלישע אידען מיט זייער ספעצ־יעלער קליידונג וואס דערוועקען אין דיר געפיהלען פון געמישטען כאראקטער: פון ראמאנטיק — ווייל דיר דאכט זיך צו זען אין זיי — אז נישט אברהם־אבינו — כאטש די אינצעווישען אלטגעווארענע שבטים — די קינדער פון יעקב־אבינו.. און א צווייט געפיל — זיי זעהן אויס נעבעכדיג און אומבאהאלפן אז דיך נעמט ארום א רחמנות, בשעת זיי קוקען אויפ׳ן באזוכער פון וועלכען זיי ערווארטען אין זייער אלטער איינזאמקייט. נאר חוץ דעם אלעמען זענען זיי גוט איינגעארדענט און ס׳ווערט געזארגט פאר זיי ווי עס דארף צו זיין.

די ישיבה „פורת יוסף״ קטמון — ירושלים — דער ערשטער אנבליק ווייזט כמעט די פארטזעצונג פון פריהערדיגען, — נאר מיט א גרויסען אונטער־שייד: דאס עלטער. דא זענען עס אויך די קינדער פון די מזרח־לענדער. זיי זענען גלייך צו זייערע עלטערן, אויב זיי האבן אזעלכע, מיט די בלאסע, עדעלע פנים׳ער זייערע פון וועלכע ס׳קוקען ארויס גרויסע אויגען וואס לויכטן מיט א העליש פייערל וואס קיין שום גלות האט דאס נישט געקאנט אויסלעשן מיט אירע פינצטערע גזירות אין משך פון טויזענטער יארן זייט דעם חורבן בית ראשון. ביים תורה־לערנען ווייסען זיי נישט קיין שום חכמות און די 210 קינדער לערנען מיט דעם ריכטיגען רצון.

די „בית יעקב״ שולע פון קטמון

פון דארט בין איך אנגעקומען אין א מיידעל־שולע — דאס איז די בארימטע „בית יעקב״ שולע, געגערינדעט נאכ׳ן מוסטער פון שרה שענירער, די פרומע עסקנית פון אגודת ישראל פון פוילען. איך זעה פאר זיך א היבשע צאל פון יונגע מיידעלך מיט איידעלע פנים׳ער אבגערייטט פון פארשידן פארביגע באצאפ־טע האר וועלכע ליגן שעהן געפארעמט אויף א הויכגעקאלנערטן קראגן, חסי־דיש, פרום און אבגעהיט מיט זייער צניעות׳דיגן חן וואס קוקט ארויס פון זייערע אידישע אויגען. זייער מיידעלשע שעהנקייט ווערט אויף קיין האר נישט געשטערט דורך זייערע לאנגע ארבעל און כמעט גלייכמעסיג געניייטע קליידער.

די אידישע טאכטער ווערט אויך בולט׳ער אז מ׳כאפט א שמועס מיט זיי — ממש תלמידי חכמים, אנגעזאפט מיט תורה און וויסען און דו ווייסט בכלל נישט וואו האבן דאס די פרומע אידן זיך אנ׳עצה געגעבן מיט׳ן שפרוך פון חז״ל אז „כל המלמד את בתו תורה...״ נאר איך זאג אייך אז וואויל איז זיי וואס זיי קאנען.

אין „קריפעלד טשילדרען׳ס האספיטל״

אין יענער געגענד, וואס איז א קווארטאל פון א סך אינסטיטוציעס, געפינט זיך אויך דער מוסד „בית חולים לילדים משותקים״, א האספיטאל אזא וואו ס׳זענען צונויפגענומען קינדער וואס זענען פארבליבען, ווער מיט א חלק פון א פאראליז, ווער מיט א האלבן אבגעליימטען גוף. אט די קינדער, אזוי באשטראפט פון גורל, אין עלטער פון איין יאר ביז 18 יאר, געפינען זיך דא אזוי אומבאהאלפען און אזוי רחמנות׳דערוועקענדיג. זייערע אויגן פארראטען דיר די פארצווייפלונג מיט וועלכע די גורל־ליידענדע מענשנקינדער טראגען מיט זיך ארום זייער לעבן לאנג. מיר דאכט זיך אז זיי צו שטיצן איז די גרעסטע מצוה און מ׳באדארף אלעס אנווענדן אבי די אומגליקליכע באשעפענישן דאס לעבן אביסל צו דערפרייען.

אין מוסד בית יתומות — ווינגארטען

אן „ארפאן־אסיילום״ ווי אלע ענליכע אויף דער וועלט: קינדער וואס האבן נישט די זכיה צו זיצען אין איינעם מיט זייערע עלטערן ביז זייער גרויס־ווערן; איינעם פעלט איין טייל פון זיינע טאטע־מאמע — נאר דא האבן זיי זייער היים אונטער גוטע באדינגונגען. מען טוט אלעס כדי נאר זייער איינזאם לעבן בעסער צו מאכן. דא ווערן די מיידלעך געלערנט און אנגעגרייט צו זייער צוקונפטיג לעבן. — פאר וועלכער דער מוסד זארגט ווי אן אייגענער טאטע. דאס איז א מוסטער־היים פאר עלענדע קינדער וואס ווערן נישט פארלאזט.

אין אן „אינסטיטוט״ פון גייסטיג־קראנקע

דא איז מיר שוין שווער צו געפינען א טרייסט ווארט־ווי קאן מען דאס טאן אז איך זעה פאר מיר דערוואקסענע מענשן וועמענס נערוון ס׳זענען נעביך אזוי פארפלאנטערט אז ער דערקענט זיך נישט אליין. דערשיטערנד זענען פאמי־ליען־באזוכען: א פרוי באגעגענט זיך מיט איר אומגליקליכען מאן מיט וועלכן

זי האט געהאט קינדער און א פאר שעהנע גליקליכע יאר: די קינדער זעהן זייער טאטע — אדער זייער מאמע אין אזא מיאוס׳ן צושטאנד, א מאמע — ווייגעשריגן! — איר זון ווען זי האט אזוי שווער אויפגעהאדעוועט... נאר דאס איז דער מענשן גורל, ליידער: נאר א שטיקל טרייסט געפין איך אין דעם וואס א טייל פון זיי געהן ארויס געהיילט. א רפואה שלמה פאר זיי אלע! פאר׳ן אויבערשטען איז דאס נישט שווער...

אין דער ישיבת „דושינסקי" — ירושלים

די צאל פון 250 וועלכע די ישיבה ציילט אירע בחורים׳לעך, איז שוין זיכער געשטיגען — כן ירבו — זייט איך בין דארט געווען. דאס זאגט פאר מיר נישט אזוי פיל ווי דער אנבליק אויף די ריינע און שעהנע ישיבה־בחורים׳ליך און דאס געפיל אז, ווי אין אלע ישיבות, אויך דא אין דעם הייליגען אנשטאלט ווערט געשמידט און געפארעמט דער עכט אידישער גייסט פון דער צוקונפט פאר׳ן אידישען פאלק — און פון וועלכער גרויסער וויכטיגקייט איז דאס אין אזא צייט פון כפירה און פרייגייסט, וואו די טומאה, ר״ל, בושעוועט ליידער אזוי שטארק — מי יתן ס׳זאלן זיין ישיבות אין די טויזענטער — וועט אויך דער באשטאנד פון אונזער פאלק זיין א פיל געזיכערטער. דארט איז דער ווערקשטאט פון דער נשמה פון פאלק.

א פרענקישער מושב זקנים

דער מושב־זקנים פון די פרענקישע אידן אין ירושלים — און בכלל אין גאנץ ארץ ישראל — אונטערשיידעט זיך פון די אנדערע, דערמיט וואס די אלטיטשקע, בונט־געפארבטע און פארשידן־געקליידעטע בוכארישע־איראקישע־מצרישע־פערזישע־סירישע־טערקישע און סתם ספרדישע טייערע אידן, זיצען זיי מיינסטענס אויף דר׳ערד און זאגן תהילים בשעת פאר זיי שטייט א קאנסער־ווען־שאכטל אדער אן אפענער אלטער הוט וועלכע מאנען דיך עפעס אריין צוווארפען, בשעת די אשכנזישע מושב־זקנים־ניקעס מאנען דיך בפירוש זיי צו געבן וואס זיי קומט פון דיר...

אין דער „ספינקער" ישיבה — ירושלים

איך בין זיך מודה אז כ׳האב זיך געפילט אין דער היים. סטייטש, די

ספינקער ישיבה! דער נאמען אליין דערוועקט אין מיר זכרונות פון מיין ווייטער פארגאנגענהייט. אויב איך בין זיך נישט טועה איז מיין פאטער, ר׳ גדליהו שטיינ־מעץ, דער בארשער שוחט, געוועזען א ספינקער חסיד — נאטירליך, לעבן אנ־דערע רבי׳ס... נאר דאס געהערט ניש צום ענין. אין דער ישיבה לערנען אויך פארהייראטע וואס ווערן אויסגעהאלטען — און דערצו ברויכט מען געלד און און הייזער. זיי קלייבן זיך צו בויען א נייעם בילדינג פאר די פארהייראטע תלמידים.

אין מיידל־אנשטאלט „בית לפליטות״ (א הויז פאר די אפגעראטעוועטע מיידלאך)

אין איינעם פון די מאה־שערים־געסלאך, אין א גאנץ שעהנעם הויז מיט א ברייטען הויף דרייען זיך ארום פארשידענע טיפן פון מענשליכע וועזן אין געש־טאלט פון אידישע מיידלאך. יעדעס איינע מיידעל טראגט מיט זיך ארום א פולשטענדיגע לעבענס טראגעדיע פון איר פאמיליע, פון וועלכער זי איז אליין אויף דער וועלט געבליבען. דאס זענען אומגליקליכע קינדער פון אלע פיער עקן וועלט, וואו דעם שונא׳ס האנד, ימ״ש, האט דערגרייכט און געשאפען אומ־גליקען. א מיידל דא איז א לעבעדיגע מצבה פאר איר פיעלקעפיגע פאמיליע. די טרויעריגע איינצעלהייטן דערפון ווייסען צו דערציילען די לייטער פון דעם מוסד וועלכע טראגען דעם פיעלזאגענדיגען נאמען „בית לפליטות״ — פשוט און גראד: „א הויז פאר די פון אומגליק געראטעוועטע אידישע טעכטער״. דער דירעקטאר, הרב ראזענפעלד, זארגט פאר׳ן ניווא פון מוסד, זיין אנזען און רענאמיי; אבער די טרויעריגע פרטים, און אויך אינטערסאנטע, וועט איך קאנען איבערגעבן דער סגן, ווייס פרעזידענט הרב ש. פאפענהיים — א בארימטער ירושלים׳ער ספרים־סוחר וועלכער האט קיינמאל נישט קיין צייט פאר זיינע אייגענע ענינים, א דאנק דעם מוסד. הרב פאפענהיים, א יונגער און ענערגישער עסקן, אנ׳אמת׳ער ירא שמים און אינטעליגענטער מענש, וואכט איבער דער דערפאלגרייכער, גייסט־יגער און מאטעריעלער אנטוויקלונג פון „זיינע טעכטער״ וועלכע געפינען אין מוסד זייער צווייטע מוטערליכע היים און פאטערליכע אויפמערקזאמקייט. הויז ליכע „אקיופיישאנס ווערט זיי דארט צוגעוויזען, געפלעגט, געקליידעט און בארופן געלערנט. ביז ס׳קומט זייער צייט פון ערנסטען שריט. דעמאלט זארגען די מנה־לים פאר פאסענדיגע בחורים (שוין איניגע אמעריקאנער בחורים האבען זייערע לעבענס־חבר׳טעס פון דארט ארויסבאקומען) און פירן אונטער דאס פארפאלק צו דער חופה. מאכט זיך אזא פייערליכע געלעגנהייט — נעמט הרב פאפענהיים

זיין יונג צנועה׳ש ווייבל, בלומה, א טאכטער פון מיין שטעטל בארשע, און זענען מקיים די מצוה פון אמת׳ער „הכנסת כלה״ אלס אונטערפירער. גרויסע פלאנען מאכען די עסקנים מיט דעם מוסד וועלכער האט זיינע פיער־ברענטשעס אין ירושלים, נאר זייער גרעסטער וואונש יעצט איז אפצוקויפן דעם אויבערשטען חלק פון דעם הויז אין מאה שערים — — אבער ס׳פעלען דערצו די מאטעריעלע מיטלען.

דאס יתומות־הויז „בית אסתר״

איך האב בכוונה אויספירליך באשריבן דעם „בית לפליטות״ כדי צו געבן א מער־וויניגער נאנטן איינבליק און איבערבליק אויף׳ן צוועק און נויטווענדיגקייט אין אנשטאלטען פון דעם סארט. אזא ענליכע זארג, נאר נישט דווקא מיטן גלייכען ציעל, טראגען די לייטונג פון דעם רעליגיעזן „יתומות היים בית אסתר״ אין ירושלים, אונטער דער אנפירונג פון מר. און מרס. שולץ פון פרעשבורג־סלאוואקיי. אט די צוויי אומדערמידליכע יתומים עלטערן לייסטען קאלאסאלעס פאר „זייערע קינדער״. איך בין בייגעווען ביי א מיטינג פון די ארטיגע מעמבערס און קענענגעלערנט די מעמבערס וועלכע טיילן אפ פון זייערע געציילטע גרושים צוליב דעם הייליגען צוועק אויף צו דערהאלטן די שוין נישט פארלאזענע יתומות.

א ישיבה פון — מאה שערים — ברוקלין.

א סך פון די מיטגלידער און ביישטייערער פאר׳ן פרויען־פאריין אין ברוקלין, וואס שטייט אונטער דער לייטונג פון מרס. אסתר הארוויץ, ווייסען אוודאי נישט גענוי וואס פאר א גרויסע זאך זיי טוהען אויף מיט זייערע געשענקטע געלדער, פון וועלכע ס׳ווערט אויסגעהאלטען א גרויסע ישיבה מיט זיי דענע עדעלע בחורים וואס גרייטען זיך צו זיין „לויכטער אין ישראל״. די הנהלה געפינט זיך אין די טרייע הענד פון די אייניקלעך פון א גרויסן „תורה ליכט״ — דער של״ה הקודש, דאס זענען די רבנים שאול חיים הארוויץ, מאיר הארוויץ און הרב וואכטפאגעל. זייער מוסד איז איינער פון די אנגעזעהנסטע אין לאנד — א פעסטונג פון אידישען גייסט און א גאראנטיע פאר פארברייטונג פון דעם תורה־געדאנק.

די גרויסע ישיבה „עץ חיים״, ירושלים

ווען זענען דען נישט באקאנט די שענע נעמען וואס די אידישע בתי

מדרשות און ישיבות האבן געהאט אין חוץ לארץ! נאר דער זאפטיגער נאמען „עץ חיים״ האט אין זיך געהאט עפעס באזונדערס, א מין אויסדרוק וואס פאר־זיכערט, אייביגקייט און אויסדויער. א קלייניגקייט: „עץ־חיים״ בוים פון לעבן! וואס נאך קאן אנדערש געמיינט ווערן אין דעם זין, אז נישט די תורה? — נו, איז מן הסתם אז מען הערט אזא שענעם נאמען גערופען אויף א תורה אנשטאלט אין ארץ ישראל — איז אוודאי כדאי זיך מיט אים באקאנט צו מאכן. איך האב זיך נישט אנטוישט: נישט ווייניגער ווי טויזענט בחורים לערנען אין דער אויבער־דערמאנטער ישיבה, באזארגט מיט עסן, באקליידונג און טיילווייז אויך וואהנונג. און אז די בחורים פילן נישט ביי זייער גייסטיגער באשעפטיגונג די מאטעריעלע נויט, איז דאס דעם גרעסטן חלק צו פארדאנקען די גוטהערציגע און טרייע ברי־דער פון אמעריקאנישען אידענטום. זייער האנד וואס שטעהט אפען פאר יעדער אידישער פאדערונג, דערברייטערט זיך נאך מער ווען ס׳האנדעלט זיך אין די פראגען פון דער אידישער נשמה. די אויסגעהאלטענע אינסטיטוציעס ווייסען דאס גוט צו שעצן, און זיי זעהן דערין א נייעם הסכם צווישן די שבטים פון אויבער־שטען: דער פאקט צווישן יששכר און זבולון ווידערהאלט זיך צווישן די אמער־יקאנער אידן און ישראל־אידן.

די בארימטע ליובאוויטשער ישיבה

איך בין נישט אימשטאנד אויסצורעכענען אלע נעמען פון מיינע באזוכען אין די תורה־אנשטאלטען אין ירושלים און אויף דער פראווינץ. נאר עס וועט אויסזעהן נישט גאנץ מיין באשרייבונג אז די ליובאוויטשער ישיבה וועט דארויף נישט דערשיינען. בפרט נאך מיין באשפרעכונג מיט׳ן מנהל, הרב רייכמאן, אנ׳איבערגעגעבענער טוער און זארגטראגענדיגער לייטער, פאר דעם אין זיינע הענד איבערוויזענע הייליגע מיסיע צו דערהאלטן די מעגליכקייט פאר די הונ־דערטער אידעלע ישיבה בחורים זיי זאלען קאנען זיצען און זיך אפגעבן מיט גאט־בורך הוא׳ס תורה אין דער שטאט פון זיין אויסוואל. די פרומקייט פון די תלמידים ווייזט זיך תיכף ארויס אלס עפעס אנ׳אנדערע ווי מען זעט זי ביי די אויפגעציילטע ישיבות: צונויפגעראמטער, בהסתר־דיגע — מ׳קאן זאגען „מאדער־נער״. וואלט איך נישט מורא געהאט וואלט איך זיך אויסגעדריקט אז — דאס באקאנטע און אזוי צו ישיבה׳בחורים צוגעפאסטע „כניאקישקייט״ פעלט ביי זיי. אפשר איז דאס שוין א פארשפייז צו דעם „מאכל״ וואס רופט זיך ביי די ליוו־

באווישטער חסידים „חב״ד״ — דאס הייסט „חכמה, בינה, דעת״ — קלוגשאפט, פארשטאנד, וויסן?! איך וויל זיך נישט אריינמישען אין ענינים וואס כ׳פארשטיי זיי נישט גאנץ — דער עיקר: מי יתן — און אזוינע גוטע און פרומע בחורים זאלן וואס מער אויפשפראצען אין וויינגארטן פון ישראל — ווי זיי זאלן נישט זיין צעשפרייט אויף גאט׳ס וועלטל.

די „וויזשניצער ישיבה״ אין — בני ברק

מען דערציילט נאך פון אלטן וויזשניצער רבי, ר׳ ישראל האגער זצוק״ל, דאס ער פלעגט אויפנעמען אין זיין הויף אין וויזשניץ פאר זיינע זין די בעסטע מלמדים און דארויף געאכטעט זיי אנצוגרייטן אויף צו זיין תלמידי חכמים. אז מען האט אים געפרעגט א טעם אויף דעם, דען סוף כל סוף, איבער „הונדערט און צוואנציג יאר״ וועלן דאך די קינדער באזעצן דעם שטול און טרייבען רביס׳־טווע... פלעגט דער רבי, זי״ע, ענטפערן: אט טאקע דערפאר וויל איך אז זיי זאלען ניט זיין אנגעוויזען אויף מענשענס׳ גאב — איך וויל זיי זאלן זיין אויך „רבנים״ נישט נאר „רבי׳ס... (דער ביי איז צו באמערקן דאס ר׳ ישראל׳ניו איז געגאלטען אין זיין צייט אלס א גאון אין לערנען) זיין וואונש האבן זיינע קינדער מקיים געווען און אין זייערע פערזאנען האט דאס בוקאווינער און זיבענבירגער יודענטום באקומען וועלט בארימטע גייסטיגע פירער: ווער האט נישט געקאנט דעם ווישעווער רבי, הרה״צ ר׳ מנחם־מענדלי — מיט זיין חריפישן קאפ און זיין גרויסער ישיבה?! — וואו איז נישט דערגאנגען דער רום פון דער וויזשניצער ישיבה „בית ישראל ודמשק אליעזר״ געגרינדעט און געפירט פון ר׳ אליעזר׳ל זצ״ל, דעם לעצטן וויזשניצער רבי? — און פון אט די פון גאט געבענשטע זין זענען עס געבליבן — צו אריכות ימים — דער גרויסווארדיינער רבי, הרה״צ ר׳ חיים מאיר׳ל, און דער סערעט׳ער רבי ר׳ ברוך׳ל שליט״א. געגרינדעט פון דעם שוין דערמאנטן ר׳ אליעזר׳ל, אין ארץ ישראל ווערט די ישיבה געפירט אלס א פארטזעצונג פון דער ישיבה־מסורה פון דער וויזשניצער דינאסטיע, און ס׳איז אויך קיין וואונדער נישט וואס זי טראגט דעם קלינגענדיגען נאמען פון אמאל און פון דער שטאט וואו ס׳האבען טויזענטער חסידים געשעפט זייער וועג אין לעבן; דארט זענען זיי אנגעפילט געווארן מיט בטחון אמונה, לעבענס־לוסט און מסירות נפש פאר אלעמען וואס הייסט אידישקייט, ביז דער צורר ימ״ש, האט געבראכט אויף דעם זאפטיגען אסט אידנטום זיין מערדערישען פלאן

צום אויספיר, און אז וויזשניץ איז פארוואנדעלט געווארן אין איינעם פון די מצבות אויפ׳ן ריזן קבר פון די זעקס מיליאנען פארטיליגטע אידן — האבן דאס געטאהן די וויזשניצער קינדער, גלייך ווי רבי יוחנן בן זכאי, וואס האט איבער־געפירט די סנהדרין פון ירושלים קיין יבנה, און האבן „וויזשניץ״ איבערגעט־ראגען אין רבי עקיבא׳ס מיט זיינע חברים׳ס שטאט בני ברק.. אין בני־ברק זאגט מען: „גיי מיר קיין וויזשניץ!״ אנגעקומען אהין — באגעגענסטו א גרויסן וואַרקשטאַט־מיט מאטאר, רעהרען, רויכעס או. א. וו. געמיינט כאטש א פאבריק... ערשט שטעלט זיך ארויס אז דאס איז די מאטאריזירטע מקוה.. אין דעם גרויסען געביי זיצן יונגע־לייט, די „אמת־זיידענע בחורים״ מיט זייער ספעציעלער קליידונג און זיינען עוסק אין גאט׳ס תורה וואהנען זיך בכבודו של עולם, באקומען עסן — א טייל אויך וואהנונגען און מען זארגט, אז „דאס ליכטל זאל נישט אויסגעלאשן ווערן״. דער ראש ישיבה, דער פאר־דער־צייט וויס־געווארענער צדיק און גאון, רבי חיים מאיר׳ל, טראגט דעם שווערן יאך פון אויס־האלטן די ישיבה און אז דער תקציב — דער בודזשעט — ווייזט א נעגאטיווע נייגונג דעמאלט הויבט זיך דער גראער רבי אויף, נעמט דעם וואנדערשטעקן אין האנד און לאזט זיך אויף דער וועלט, אבי צו קאנען דערהאלטן ביים חיות די אין א זעהר שווערער לאגע זיך געפינענדיגע ישיבה. איך האב ערשט דארט געזען ווי ווייט מיר מוזען דערפילן אונזער חלק פאר דעם חשוב׳ן מוסד ווען דער וויז־שניצער רבי קומט אונז, קיין אמעריקע, באזוכען.

די ישיבה פון — — באר שבע — אין דער הויפט־שטאט פון נגב

אז די תורה דערציילט אונז אויף אברהם־אבינו דאס ער האט געפלאנצט אנ׳אשל אין באר שבע, קומען אונזערע חכמים און זאגן אז דאס מיינט נישט סתם א בוים נאר אכילה, שתיה, לינה, דאס הייסט א הויז וואו מען באקומט עסן, טרינקען און שלאפען — און דאס אומזיסט — א אידעאלער האטעל... נאר דער נייער רעליגיעזער באוואהנער פון מאדערנעם באר־שבע זאגט, אז אין דעם דערמאנטען „אשל״ מיינט מען אויך אמירה, שינה, לימוד — וואס אלע דריי אין איינעם הייסען, לערנען. און אויב אזוי — מוז מען אין אברהם אבינו׳ס שטאט אויפשטעלן א ישיבה כדי צו שיקען דאס קול פון יעקב איבער די ברייטע פלאכען פון שענעם און געהיימניספולן נגב. אויף צו באשרייבען די שעהנקייטן פון דעם ווילדען אבער אבער פראכטפולן גרעסטן טייל פון אונזער לאנד, מוז מען ספעציעל

אים באזוכען און שטודירען. דא האט מען שוין נישט מער צו־טאהן מיט מענשנ־סארטן און זייערע פארשידענע מנהגים. דא גייען דיך שוין אן די מאלערישע געשטאלטן פון אייביגער נישטגעארדנטער ווילדקייט מיט א פארשידנפארביגער צורה פון א לאנדטייל, וואס ווארט אויף טרייע ארבעטסהענד, וועלכע זאלען דאס פארוואנדלען פון אן אפגעשטאנענער וויסטע, אין א מיט גרינס באדעקטע און מיט אידן־באפעלקערטע געגענד, פון מענשענפלייס באוואסערטע, און פון גאט געבענשטע און באשיצטע ווייטקייט.

די ישיבה „אור תורה" אין טבריה

אט האסטו דיר א נייעם נאמען „**אור תורה**" — ל י כ ט פון דעם ת ו ר ה! נאר פרוביר און זאג אז דער נאמען פאסט נישט — אדרבא, טרעף א שענערען נאמען! אי דאס נאך אין טבריה ווי די זון גיט דארט נישט נאר ליכט — נאר אפילו ווארעמקייט — שוין אביסל צופיל ווארעמקייט. איז דאך גענוג וואס זי, די ישיבה, געפינט זיך אין טבריה, אין דער תנאים־שטאט — — קומט זי נאך אויסביים קבר פון רבי מאיר בעל הנס, דאס הייסט אז אין צווייען איז שטארקער.. איך מיין מען וועט מיר נישט ברוגז זיין ווען כ'וועל נישט באשרייבן דאס הייליגע געפיל וואס האט מיך ארומגענומען בשעת כ'האב זיך דערזען אונטערן דאך וואס פאראייניגט די הייליגע נשמות פון די תנאים, צדיקים קדושים, פארטיידיגער, פיאנערען און נאך אנדערע וועלכע האבן אין איר געלעבט פון זינט ס'האבען זי אויפגעבויט דווקא די הענד פון רשע הורדוס־אנטיפא לכבוד א צווייטן נאך א גרע־סערן רשע און גוי, טיבעריאס־קייסער. נאר נישט געזארגט די אידישע באוואהנער האבן זי שוין פון לאנג גערייניגט פון איר טומאה און זי איז היינט צו טאג איינע פון די פיער הייליגע שטעט אין לאנד א נעבן ירושלים, צפת און חברון. איז ממילא אזא ישיבה א ענין פאר זיך אליין וואס גיט דיר אנ'אויסערגעוויינליכן רושם מער ווי די אנדערע ישיבות וואס האסט געזען, און מאטעריאל צום נאכדענקען, נאר ווער איז דאס אימשטאנד אין אזא קורצען באזוך ווי מיינער מיט אזא ווייניגער אנגרייטונג ווי מיינע, ארומצונעמען, באגרייפען און באשרייבען — איך אונטערצי מיך נישט ווייטער.

דאס ירושלים'ער בלאקפיר־טל פון פליטים־רבנים

מיר קומט פאר אז כ'האב אזויפיל ווערטער געטראפען פאר די אידישע

קינדער וואס לערנען ביי די רבנים — איז אויך כדאי א פאר ווערטער ארויס־זוכען פאר די רבנים אליין. דאס הייסט אבער נישט אז איך זאג אייך צו צו זיין אזוי בארעדעוודיג אין דעם ענין — דערצו מוז מען שוין זיין נישט קיין אידענע ווי איך. נאר ווי ווייט ס׳איז מיר יא באקאנט איז דא די רבנים פראגע כמעט א געלייזטע אויף א זעהר געהעריגען אופן: די רבנים, געמיינט „מורה־הוראה׳ס, אויף ווי ווייט זיי זענען אין די שפיצע פון ארטשאפטן — זענען זיי שטאטסבעאמטע און, ווי יעדער אנדערער, באקומען זיי זייערע מאנאטליכע שכירות מיט כבוד און מיט פינקטליכקייט. מיך אבער באשעפטיגן א סארט רבנים וואס זייער גורל האט אויסגעטראגען זיי צו באהאלטן פאר די גלות־קהלות, און אויף זיי איז נגזר געווארן צו פאשען די שאף פון פאלק ישראל אין די גויי׳שע פעלדער, און אזוי דאס ביטערע מזל געהאט צו קומען אין טרויעריגען קאנטאקט מיט׳ן צורר ימ״ש; און אז זיי האבן שוין יא דאס גליק געהאט און געבליבן לעבן און געקומען מיט דער „פון פייער אפגעראטעוועטע האלאווניע״ קיין ישראל — ערשט פאר זיי איז ניט פאראן קיין פלאץ... ס׳איז אויך א שכל־זאך: אזויפיל קהילות ווי אין גלות — איז אין ישראל נישטא. נעמט נעבעך אזא איד און פארט זיך אפוויינען זיין אנגעווייטאגט הארץ פאר דער מוטער ציון, און שעפט אין זיך אריין די הייליגע לופט פון ירושלים. ווען אפילו א סך האבען זיך אפגעגעבן א דין וחשבון איבער זייער גורל, האט דאס אבער קיינער נישט אזוי ערנסט גענומען ווי זייער גרויסער „קאלעגע״, הרה״ג ר׳ יצחק א. הלוי הרצוג, דער הויפט רב פון ישראל. דער אלטער גרייזגראער ווירדיגער גאון האט אויף זיך די הייליגע פליכט גענומען פאר די פארוואגעלטע פליטים־רבנים, א היים צו שאפען דאס זיי זאלען האבן דעם קאפ וואו אראפצולייגען. דאס ציל איז טיילווייז דורכגעפירט געווארען און ס׳זיצן שוין א שיינע פאר רבנים אין זייערע היימען. וואס שייך באשעפטיגונג — האבן א טייל פון זיי זיך גענומען פארטיפן אין די „קוואלן פון דער תורה״ און שעפן פון דארט ארויס די בלישקענדיגע פערל אין געשטאלט פון אן „אוצר הפוסקים״, וואס איניגע חלקים האבען שוין געזען דאס ליכט. גרויסע פלענער האבען די רבנים־פליטים פאר דער צוקונפט אין איינעם מיט זייער פאטראן וועלכער רוהט נישט, זארגענדיג פאר זיין הייליגען פלאן. ווען אים די ברידער אין לאנד און אין חוץ־לארץ קומען צו הילף — וועט ער אי״ה האבען צו ענד געפירט איינעם פון זיינע דרינגענד־נויטיגע פראבלעמען און

די נע־ונד׳נע רבנים ווע‏לן האבן זייער לעצטע און רוהיגע היים אין לאנד פון אונזערע אבות.

ארגון נשי מזרחי פון ישראל

פון איין מוסד ארייך אין אנדערן ארויס ווערט מען אין דעם קליינעם ישראל נישט אזוי גיך פארטיג. און ס׳איז מיר כמעט פארלוירן געגאנגען די געלעגנהייט צו באזוכען דעם הויפט מוסד פון מזרחי־פרויען אין תל־אביב. אין לעצטן מאמענט האב איך נאך באוויזען צו באזוכען נעבן די ברענטשעס פון ירושלים, חיפה און אנדערע ארטשאפטן אויך א לענדליכען טייל פון דער דערמאנטן שטיפטונג: „כפר בתיה״ נעבן רעננה, וויסענדיג אז דעם עיקר קאן מען זען דוקא ווייטער פון דער שטאטס באקוועמליכקייט אדער — שטאט ענגשאפט. כ׳האב ריכטיג אנגעטראפען ביים עסען און מיטגעשפייזט א „לאנטש״ מיט די קינדערלאך. א גייסטיגער תענוג איז צו רעדן מיט די רעליגיעזע זיסע קינדערלאך פון פארשידענע עדות זיצענדיג ביי איין טיש. אין הויפט אפיס אין תל־אביב בין איך אויפגענומען געווארן פון אונזער פירעריןֿ, דבורה ראבינאוויץ. איך קאן נישט מאריך זיין — נאר איינס קאן איך זאגען אז איך בין שטאלץ צו באלאנגען צו דער אזוי טעטיגער רעליגיעזער פרויען און צו זיין איינע פון די מזרחי־פרויען אין אמעריקא.

דאס בית יתומים „דיסקין״ אין ירושלים

וואס, למשל, קאן אן אמעריקאנער בירגער פארשטיין דעם שוידער וואס נעמט ארום אזעלכע ווי איך, וואס האט פארלוירען אזא גרויסע און שענע משפחה אין טראנסילוואניען — ווען איך דערזע יתומים — אומבאהאלפענע, עלטערן־לאזע קינדער אין א צושטאנד פון אייביגען פחד און מורא. ביי מיין באזוך אין דערמאנטען בית יתומים זענען פונקט דעמאלט אנגעקומען צוויי דערשראקענע קינדער וועלכע זיינען זייער ווארעם און פאטערליך אויפגענומען געווארן פון זייערע לערערס און אויפזעהר. זייער צארטקייט האט אנגעהויבן פארטרייבן לאנגזאם דעם איינגעווארצלטען שרעק פון זייערע פנים׳ער און ארויסגעבראכט א היימישע הייטערקייט אויף זייער שטעל. איך זע דעם מוסד. ווי א סך פון דער קאטעגאריע, אלס א לעבענסנויטווענדיגקייט, וועלכע דארף און מוז שטעהן אין דער שפיץ פון אונזערע פילאנטראפישע דאגות. דערפאר איז מיר גאר קיין וואונדער

נישט וואס אזוינע סאסייעטיס ווי „בנות ארץ ישראל" פון באלטימאר; „עזרת ילדים" פון וואשינגטאן; הארבער מישיגען — שיקאגא; מילוואקי און נאך פילע אנדערע, שטיצן רעגעלמעסיג דעם יתומים־הויז „דיסקין" וועלכעס ווערט געפירט דורך דער פלייסיגער און איבערגעגעבענער פרוי **שרה לייזער.**

ב"ה, צפת, כח אייר, תשי"ג

..און נאכאמאל צפת — די שטאט פון... מיינע זיידעס...

אין ישראל איז מען נישט תמיד זיכער אז מ'שטייגט אין אין „באס", צו מען קומט אהין אן דארט וואו מען וויל פארן — דערצו איז מען דאך „א גרינער". און אין ישראל זענען פאראן צווייערליי גרינע: א נייער עולה און א טוריסט. דער חילוק פון די צוויי איז דער, וואס אויפ'ן ערשטען דארף מען רחמנות האבען, און רחמנות איז א נישט באגרעניצטער באגריף: מ'קאן האבן רחמנות אין געשטאלט פון איבערהויפט נישט פארשטיין וואס ער וויל; פון אים זאגן, „נישט מיט דעם אויטא"; פון אים באשטעטיגן אז ער איז שלעכט געפארן — אדער פעסטשטעלן, ווי איינער וואס האט אט וואס אנדעקט דעם נארד־פאל: א־איך זענט אנייער עולה — און זיך ווייטער פארקוקען אין דער צייטונג. אויפ'ן צווייטן סארט גרינעם — דארף מען נישט רחמנות האבען — בפרט נאך אז ער איז אנ'אמעריקאנער — דארט באקומסטו די אינפארמאציע מיט פולן מאס: „פליז, ווער דו יו וואנט טו גאו?" — וואו ווילט איר פארן? אפילו אויף עברית פרעגט מען אייך — אז מ'שמועסט — אן רחמנות. איך בין תיכף געקומען אויפן וועג אז דער ריכטיגסטער גאנג איז צו וויסן די נומער פון אויטאבוס — און טאמער פארפארט מען פונקט פארקערט — טא נעם א נייע קארט און פאר צוריק — מאי רעש? און אז דער אויטא־טרוסט „אשד" וועט נאך לייזן פון אן אמעריקאנער א פאר פעניס? דאס איז מיין שיטה — און איז זי פאר אייך נישט אזוי צו עמפפעלן — ווייל דערוויל פארלירט מען צייט און אז „טיים איז מאני" — ווייסט איר מן הסתם פונקט אזוי גוט ווי איך; איינרעדן וויל איך אייך נישט. איך פאר מיר האב זיך גענומען אזא דרך: קום איך ארויס אויפן גאס ווארטן אן אויטא ערגיץ וואו צוצופארן און מיר קומט אונטער אנ'אנדערער באס — שטייג איך איין פרעגענדיג וואוהין און באצאל מיר געמיטליך אהין וואוהין ער פארט, ווייל איך האב דארט אויך וואס צו זוכען — אבי אידן וואהנען דארט. אדער איך

געפינען אלטע, שוין מיר באקאנטע צרות אדער — איך דערקאן נײַע פּראבלע־מען װאס מוזען מיך אנקערן.. אן נאך דעם סיסטעם נאך, האב איך געמוזט פארגרעסערן די „קונים״ פון „רפואה וחיים״ און אריינברענגען א נײַע צאל נויטליידענדע אידן אין דער ליסטע פון די פון אונז אונטערשטיצטע באדערפטיגע. די טײַערע און ברייטהארציגע מעמבערס פון אונזער סאסייעטי דארפן נאר צופ־רידן זיין וואס מיר האט נישט אפט פאסירט דאס איך זאל בלאנדזען.. דען שליס־ליך איז דאך ביי מיר די צייט אויך טייער — צו וואס דען בין איך עפעס אנ׳אמע־ריקאנערין. נאר איך בעט איך נישט פארגעסן — און אויך נישט אויף מיר פאריבל האבען — דאס נעבן דעם וואס איך בין, ווי געזאגט, אנ׳אמעריקאנערן, בין איך צוגלייך א אידישע טאכטער פון עלטערן און עלטערן׳ס עלטערן וועלכע נישט נאר איך שעץ און אכטע, נאר אויך אנדערע וועלכע דערמאנען זיי, קאנען זייער אכטונג און רעספעקט פאר זיי נישט פארבארגען — דעריבער — איינציג און אליין דעריבער — האב איך, דערזעהנדיג אין א שיינעם ארץ־ישראל׳דיג׳ן פרימארגען, ווארטענדיג אויפ׳ן אויטאבוס קיין חיפה, דערזען דאס צפת׳ער אויטא פארנדיג פונקט פארקערט וואוהין איך באדארף, ספאנטאן באשלאסען און אויף אים אויפגעשטיגען — כאטש מיינע סאציאלע פליכטען האבן מיך דאסמאל נישט געטריבען. אין יענעם מאמענט האבען מיך איינגעלאדען די וויס־באבערדעטע מאיעסטעטישע געשטאלטן פון מיינע זיידעס און עלטער־זיידעס וועלכע ליגען אין דער הייליגער ערד באהאלטן, פון דער קבלה־שטאט צפת עיה״ק. מיין וועג פירט מיך אצינד אין דעם געדיכטעסטן — און צו־גלייך ארעמסטען אויבערשטען קווארטאל פון דעם וואהנונגס פלאנטער וואס צפת, גלייך אנדערע אלטע שטעט, צייכענט זיך אויס אויפ׳ן בעסטען — דוקא נישט שענסטן־לעוואנטינישן אופן. דער ארט איז מיר שוין גוט באקאנט נאך פון מיין ערשטען באזוך אלס עולה פאר 30 יאר; דעמאלט ווען כ׳האב באשעפטיגט די עפענטליכע מיינונג פון לאנד מיט מיינע „ירושה־פאדערונגען״ פון מיינע זיידעס נ״ע, צוגעקומען נאענטער צו דעם הייזער־קניפ, ארויפגעשטיגן אויף די טרעפ וואס פירן צו דער „שטוב״ אין וועלכע מיינע בכבוד׳יגע גרויסעלטערן האבן פארבראכט אין „עבודת הבורא״ אין זייערע גרייזגראע יארן — הויבט אן מיין הארץ צו קלאפן און מיין געמיט צו רוישן: אט אויף די טרעפ איז דער ווייסבערדיגער זיידע, פישל, מיין מוטער׳ס פאטער מיט׳ן פאטריארכאלישען זקן, דעם זיידע, אברהם חיים, דער פאטער פון טאטען, זענען יעדן אינדערפרי און יעדן שפעטביינאכט געגאנגען שוואכערהייט

ארויף און אראפּ גייענדיג און קומענדיג אין שול און פון אים, וואו זיי האבן אפּגעגעבן זייערע תפלות פאר דעם באשעפער און אויסגעגאסן זייער ווייטאג אויף גלות ישראל און גלות השכינה... מיינע אויגען וועלכע האבן פון דערווייטענס דערבליקט דאס איינציגע, נישט צו גרויסע פענסטערל, הויבן אן צו פארלירען די גרעניץ צווישן חלום און ווירקליכקייט און איך דערזעה מיינע צוויי זיידעס, זייערע גרויע קעפּ צוגעטוליעט צואיינאנדער, מיט די מילכווייסע פּיאות וואס פארגיסן זיך אין זייערע זילבערנע בערד און פילן אויס דעם פענסטער־ריימען, קוקען אזוי גוטמוטיג צו מיר, זייער אייניקל, און מיר דאכט זיך ווי איך הער זיי זאגען: אפשר ברייננסטו אונז, מייטע־לעבן, א גרוס פון אונזער גרויסער שענער משפחה פון מאראמורעש דעם גוטען און פרומען קאמיטעט פון טראנסילוואניען, א נעסט פון סאמע צדיקים און יראים ושלימים וואס זייער לעבן איז נאר געווען כדי צו דינען דעם וואס אייביג־לעבט. האסט זיי דארט אליין איבערגעלאזט און ביזט אוועקגעפארן אין דעם וואכענדיג'ן און עולם־הזה'דיגן אמעריקא.. שיין פון דיר, טאכטערשע וואס ביזט אונז געקומען באזוכען. מיר ברייננען דיר דערפאר א גרוס פון די קדושים וועלכע זענען, נישט ווי מיר, פאר דער צייט אומגעקומען אויף קידוש השם, דורך די רוצחישע הענד: דיין מוטער בלומע, די צדקנית, וועלכע איז אוועקגעריסען געווארען פון די בענטש־ליכט פרייטאג־צונאכט כדי אויסצוגעהן ווי א ליכט אין קאלך אויוועו פון אויסשוויץ; איר ביטערן גורל אויף דער זינדיגער וועלט ווערט איר הויך פארגעלט מיט א בכבוד'יגן פלאץ צווישן די מארטירער און קדושים פון אלע צייטען אין אונזער טראגישער היסטאריע. מיט איר געפינט זיך איר טאכטער פריידל פון זיגעטע, א כשרע אי־דישע פרוי מיט איר מאן ר' ישראל אפל דער שוחט, וועלכע זענען דורך די נאצישע מערדער אומגעקומען; חיה־דבורה, איר אייניקל, ראכיל'ס מיט ר' וואלף שטיינ'ס טאכטער און זון אפרים־פישל; א מיידל וואס האט אירע חלומות מיט זיך מיטגענומען אין אויבן און איניינעם אויפגעגאנגען אין רויך; א אינגל אין די שענסטע יארן, בשעת ער האט זיך געגרייט אלס חלוץ עולה צו קיין ארץ־ישראל — האבען אים די אונגארישע תליינים אוועק געפירט אין דער אוקראינע וואו ער האט מיט זיין יונגען בלוט געזעטיגט די גויישע פעלדער. שפרינצע, איר אייניקעל, א טאכטער פון איר יונג־אומגעקומענער טאכטער רייצע־טויבע — אין די בליענדיגע יארן אירע איז דורך מענשליכע חיות פארצוקט געווארן... און פון נאך א סך פארברענטע און דערטרונקענע קרובים, פון גאז דערשטיקטע

און פון קוגלען דורכגעלעכערטע נאענטע, פון געשוחט'טענע און לעבעדיג־באגראבענע קינדער פון אייגענע און באקאנטע, דערציילען מיר די דערשי־נענע זיידעס. זיי דערמאנען מיך אן דער שוין אויבנדערמאנטער שוועסטער רייכל, א גוטע און פרומע פרוי וואס האט דערצויגען א שטוב קינדער אויפן אידישן דרך — אונטער שווערע מאטעריעלע באדינגונגען און איז אונטער דער לאסט אין אירע יונגע יארן צוזאמענגעבראכען און איבערגעלאזט די ווייטערדיגע דער־ציאונג, איר מאן ר' וואלף אגרויסער תלמיד חכם וועלכער איז געווען פאר־רעכענט אלס איינער פון די קלוגסטע אידן אין זיין געגענד — נאר די חכמה פון וואו צו נעמען פרנסה האט אים געפעלט. א גרויסן זכות האבן זיי אבער געהאט וואס א גרויסער חלק פון זייערע קינדער געפינען זיך אין הייליגען לאנד. מיין שוועסטער פריידל וואס האט אויסגעוואנדערט קיין יוגאסלאוויען כדי די מאטע־ריעלע לאגע זיך קאנען פארבעסערן און אזוי לייכטער צו דערציען די קינדער אין אידישען וועג. די שוועסטער חיה־דבורה מיט איר בת־יחידה שפרינצע; די צארטע אידעלע שוועסטער רייצע־טויבא מיט איר טאכטער די שוין דערמאנטע שפרינצע; די ווי א פייגעלע שטילע און גוטע פייגע ע"ה; די שענע חנה מיין שוועסטער פון אמעריקא וואס האט מיך אהער געטרייעט. מיינע צוויי ברידער, ר' פינחס שטיינמעץ, א איד א ירא וחרד, א תלמיד־חכם וועלכן דער ערשטער וועלט קריג האט צוגרונד געריכטעט און קורץ פאר'ן אנקומען פון שלום אים יונגערהייט אפגריסן פון זיין מוטער און געשוויסטער; ר' אברהם־חיים שטיינ־מעץ, דער מוזיניק, א גרויסער ירא־שמים, א חסיד וטהור וועמען דער גורל האט נישט געוואלט גארנישט צו־ווינקען נישט אין דעם פאמיליען־לעבן און נישט אין זיינע לעצטע האפענונגען זיך צו זען מיט מיר זיין איינציג־לעבעדיגע שוועסטער, דען קוים האט ער זיך אין די דייטשע לאגערן געזעטיגט פון פיין, נויט און מענשליכע גרויזאמקייטן, דורכגעשלאגען און דערלעבט צו זען די גאולה אין דעם נאצישן גיהינום אין געשטאלט פון אמעריקאנישע סאלדאטען־באפ־רייער וועלכע האבן אים אונטערצויגן א באזונדערער פלעגע. נאר אבער זיין אויסגעהונגערטער מאגען האט מער נישט געפאסט צו די מענשליכע שפייזען און ער איז נאך דער באפרייונג אוועק זיין אייביגען וועג, הי"ד.

די ליכטיגע צורות פון מיינע זיידעס ווערן טרויעריגער, אומעטיגער, זיי פארציען זיך מיט א שיין פון אייביגען ערנסט, און לאנגזאם פארדעקען זיי זיך מיט א שלייער פון הימעלשער זאנפטקייט, פארשווינדן לייכט — פונקט ווי זיי

זענען דערשינען, און אז איך דערכאפ זיך א פארטראכטע פאר דעם אפענעם פענסטערל וואס קוקט צו מיר פאר׳יתום׳ט אראפ, דערזע איך זיך א שולדיגע, וואס האט נישט באוויזען אפילו א איין־און־איינציגען גרוס איבערצוגעבן פאר די נשמות פון די הייליגע יידעס וואס שוועבן ארום אין דעם איינזאמען הייזל, פון זייערע צענדליגע אייניקלאך וועמענס אש ס׳וואלגערט זיך אויף דער טמא׳דיגע אייראפייאישער ערד און אויף וועלכענס נישט־געפונענעם קבר איך האב נאכנישט מיינע טרערן אויסגעגאסען, צוליב דעם וואס רשעות איז נאכנישט אינגאנצן אויסגעלאזט פון דער וועלט און מ׳גיט מיר נישט די מעגליכקייט צו באזוכען מיינע טייערע, אפילו סימבאליש, אין זייערע געוועזענע פאלשע היימען..

ב״ה, חיפה, כט אייר, תשי״ג

איך זוך און געפין טרייסט אין שוים פון מיין משפחה

מיט א פארשטערטען נישט קלארען געמיט דריי איך אויס מיין רוקען דעם געהיימניספולען שטיבל און כאפ אנ׳אויטא און אנטלויף צו מיינע קרובים קיין חיפה. דאס וואס מיינע זכרונות נאך די זיך אויפן עולם־אמת׳געפינענדיגע קרובים האבען מיך געקאסט אין געזונד — מוז איך זיך דערזעצן ביי מיינע — זאלען זיין אפגעשיידט צום לעבן — לעבעדיגע קרובים, ביז הונדערט יאר. מיין אויטא וויגט מיך צו ביז קיין קרית־מוצקין, א שטעטל מיט א צענטויזנט־קעפיגער צאל נפשות — כ״י, דארט געפינט זיך דער איבערויס געראטענער זון פון מיין שוועסטער ראכיל ז״ל, ר׳ גדליהו שטיין, זיין קלוגע און פלייסיגע פרוי מלכה און צוויי קינדערלאך רחל און משה. דער נעפיו מיינער — דער איז א פרשה פאר זיך: אליין איז ער א מורה וואס האט געענדיגט אויף רבנות. געבליבן א יתום צו די צוועלף יאר און נישט דערספייעט א שול געהעריג צו באזוכען — נעמט אים אציגד — איז נישטא קיין זאך אויף דער וועלט וואוהין זיין וויסן זאל נישט דער־גרייכען. האט הינטער זיך א רייכע פארגאנגענהייט פון קולטורעלער טעטיגקייט אין גלות. אלס אן עסקן פון הפועל המזרחי האבן אים זיינע חברים געפונען פאר פאסענד די רעליגיעזע אינטערעסן פון דער שטאט צו פארטרעטען און אים אויסגעוויילט אלס זייער רעפרעזענטאנט אין דער מוניציפאליטי. פון דארט אנגע־נומען מיט טרייסט, פירט מיך מיין נעפיו צו זיין שוועסטער חנה — א פרוי וואס האלט אז א פרוי אין ארץ ישראל איז אויף א מינוט נישט פטור פון ארבעט, ווייל דאס לאנד נויטיגט זיך אין ארבעטסהענד — און זי איז מקיים איר אנשוי־

ונג. מיר פארען דאן קיין חיפה אויפן שענעם כרמל צו זייערע צוויי שוועסטערס און מיינע ניכטן, שפרינצע און שרה. די ערשטע, א בכבוד׳יגעס פרויענצימער, וואס פארגעסט נישט אויף א רגע איר אידיש און שעהן עלטערנהויז. די צווייטע און אינגערע א פלייסיגע און טרייע פרוי, פארנעם און רעליגיעז מיט איר מאן ר׳ צבי בוגלר, א זון פון אנ׳אונגארישן חסידישן הויז, א יונגערמאן וואס איבער שטייגט מיט זיין פלייס יעדן באגריף פון חלוציזם — פיאנעריטי — הייסט דאס: א מענש וואס רוהט נישט פון די ביזנעס — נישט געקוקט צו דאס טראגט פרנסה צו נישט — און ס׳בלייבט אים נאך איבעריג צייט אויף צו זיין א גבאי אין בית המדרש וואס ער האט דאס געגרינדעט. זייערע צוויי קינדערלאך זענען רבקה און זאב. דאס פארברייינגען צווישען מיין פאמיליע פארזעצט מיך צוריק א היים אין די קינדער יארן וואו נאיוויטעט, גאנצקייט און אומשולד זענען געווען דער גאב פון מיין חלק אין דעם קליינעם מאראמארעשער וועלטל וואס מיר האבן תמיד געמיינט אז דארט הויבט זיך אן די וועלט און אויך דארט לאזט זי זיך אויס. אדארט, אין באהאלטענעם שויס פון די שענגעפארעמטע קארפאטען־בערג מיט אירע פראכטפולע טאלשפאלטן, באזייעט פון ג־ט׳ס האנד אליין מיט דער רייכסטער אויסשטאטונג פון אלע סארטן פיכטענביימער, וואס נעמען דיך דורך מיט זייער שארפן דערקוויקענדיגען ריח, און פאר זייערע פיס וואלגערט זיך שלענג־ עלנדיג א שרייענדיג טייכל מיט ריין־קאלטן וואסער וואס איז נאר־וואס ארויס־ גענומען געווארן פון דעם ריזיגען „פריזשידער״־דעם „פיעטראס״, פון אונטער דעם אייביגען „פריזער״ — דעם גלעטשער וואס קוקט אויף דיר אראפ נאך פון ששת ימי בראשית... אונטען: א טעפיך פילפארביגע ווילדוואקסענדיגע בלומען; אויבן: אנ׳ארקעסטערגעזאנג פון כל׳ערליי פייגל. דארט, אין איינעם פון די געבענשטע טאלן האבן זיך אונזערע עלטערן מיט א צוויי־הונדערט יאר צוריק אראפגעזעצט און געגלויבט אז די מענשן וואס וואקסען אין אזא „גארטן״ קאנען קיינמאל נישט ערגער זיין ווי די גוטע ערד פון וועלכער זיי שפראצן... אויף דער דעה פון די הארעמלאזע אידישע עמיגראנטן וואס זענען אנגעקומען אהין איבער די פוילישע בערג, איז דעמאלט נאך נישט אויפגעשטיגן א קלער אפילו אז אין דעם שענסטן וואלד קאנען אויסוואקסען די ווילדעסטע חיות... אין קרייז פון מיין משפחה זע איך נאר דאס שענע פון מיינע קינדעריארן; זכרונות בייטן מיר מיט אנאנדער און מיר פארזעצן זיך וואס טיפער אין דער היים — מישטיינסגעזאגט — איך זע זיך ביי מיין טאטען׳ס־טיש, ר׳ גדלי׳, דער בארשער

שוחט, נאך א קליין מיידעלע צווישען די צאלרייכע שוועסטער, זין און איידעמעס — און אייניקלאך וואו זענען! די שענע מאמע (ועלכע מאמע איז נישט שען?!) בעלעבא־טעוועט מיט א גליקליכען שמייכעל פון צופרידענהייט אויף איר פנים; דורכ׳ן פענסטער קוקט אריין דער דערמאנטער „קיטראס״ — ווי דאס פאלק רופט אים פארגרייזט, מיט זיין אייביגן שניישאל דעם האלדז־און־נאקען ארומגעוויקלט — א פנים כדי ס׳זאל אים גוט — קאלט זיין.. דען אין דרויסען איז דערווייל א בריענדיגע תמוז־זון וואס קאכט און וואַרעמט און טרייבט דעם עולם — קינד־און־קייט אין די האקיערעס אדער פלעסן (לייקס) פון דער ברייטער „ווישעווע״ אדער „טשיזשלע״; קעננזאצן מעגען אויך אין בארשע געוועזן זיין. דער אמת געזאגט: די נאטור, די גוטע מוטער טוט זיך איר אויפגאבע — כאטש די מענשן זענען שלעכט. האט דען די גוטע זון נישט געוואַרעמט מוטערליך, די פייגל נישט סימפאניש געזונגען, דאס וואסערל נישט מעלאדיש געשפרודעלט, די פלאנצען נישט מיט זייערע צויבערפארבן געוואקסען און די לופט נישט דערקוויקענדיג געגלעט בשעת מ׳האט אין יענעם ערב שבועות פון יאר תש״ד געפירט אונזערע טייערע ברידער און הארציגע שוועסטער, די פרומע טאטעס און טרייע מאמעס, די שוואכע זיידעס און באבעס מיט די געציטערטע קינדערלאך אין די געטאס־פון וואו אויס זייער וועג איז אין די קרעמאטאריענס ערשט געענדיגט געווארען?! — האט דען די נאטור אפינטעלע פארענדערונג געוויזן אין יענע, פאר אונזערע מאראמארעשער טויזענטער אידישע קינדער, ביטערע און פארהענגנישפולע טעג?! נאר אין געזעלשאפט פון מיין בעפיו גדליהו רעדט מען נאר פון געוועזענעם גוטען; דאס טרויערן, זאגט ער איז נישט קיין אידישע מידה. מיר מוזען אונ־זערע קדושים מיט דרך־ארץ געדענקען, לערנען זייערע מידות, זיך נישט דערוויי־טערן פון זייערע וועגען און זיי לאזן די פארגאנגענהייט — מיר אבער דארפן איבערנעמען אין אונזערע הענד די צוקונפט און מיט א פריילעכן געמיט קוקען און טראכטען: וואס ווייטער?.. אויף צו־מארגענס בין איך ביי א צוויטן גדליהו: אין בני ברק ביי ר׳ גדלי׳ וויזל, א זייער לייטישער געלערנטער און פרומער יונגערמאן, וואס ווי נאר ער איז ארויס פון לאגער און די געשעפטן האבן אנגע־הויבן „שפילן״ — האט ער דערין געזען א מעשה־יצר און האט באשלאסן אלע „גליקען״ פון גלות איבערצולאזן און איז אהיים־געפארן קיין ישראל. זיין באשיי־דענער וואונש איז דערפילט: ער וואהנט אין דער פרומער שטאט בני־ברק — אמת מיט א גאר שוואכער פרנסה — נאר ער איז דאך אבער א שמח בחלקו —

דעם שטייגער פון אונזער משפחה, און אז זיין צנועה׳דיק וויבל שטייט אים צו דער זייט מיט אירע באלעבאטישע עצות און דערציהט אים די דריי קינדערלאך — האט ער קעגן זיין־ליבען־נאמען נישט קיין טענות.. פון דארט פאר איך קיין ירושלים צו — — א דריטן גדלי׳ — א בעזונדערס חשובן און טייערן, שוין דערפאר ווייל ער איז מיין אייגענער — — זון... הרב יהוסף גדלי׳ רלבג, מיין זון וועלכער האט פארלאזט דאס גאלדענע לאנד און — מיך זיין מוטער און איז געפארן קיין ישראל זיך בויען זיין היים. א פאר חדשים נאך זיין אנקומען האט אים דאס גרויסע אומגליק געטראפן מיט דעם פלוצלינגדיגער פטירה פון זיין גרויסען פאטער, הרב מנחם אייזיק רלבג ז״ל, און דאס יונגע צעבראכענע הארץ האט ערשט געטראפן די טרייסט אין דעם פון ג־ט׳ס צוגעשיקטן זיווג, זיין לעבענס־שותף אין געשטאלט פון א יונג־שיין־גוט־און־פרום, און איבערויס קלוג ווייבל, סימא, א צווייג פון דער בארימטער רבנישער משפחה „סלונים״. אט דאס געבענשטע פארפאלק, וואס האט זיך אונטער מיין הסכמה באקאנט, פון דאפעל־טער רבנישער אפשטאמונג, זענען א גאראנטיע אז די תורה וועט זיך, בע״ה, פון אונזער הויז נישט אפטאהן; ווייל אבער „די תורה איז נישט קיין ירושה״ — דערפאר זארגט שוין מיין זון און איז עוסק בתורה ביי די גרעסטע רבנים פון ירושלים און זעט דערפאלגרייכע דערגרייכונגען אין זיין לערנען.

ב״ה, ירושלים, ג׳ סיון תשי״ג

אויף מיין „פריוואט־קווארטיר״ אין ירושלים

טיף אין מאה־שערים, וואו די הייזער פארלירען, זייערע גרעניצן און דו דארפסט האבען א געזונטען חוש אויף וועלכען דו קאנסט דיך פארלאזען דאס ער וועט דיך אפפירען אין דיין ריכטיגער אכסניה, וואהנט מיין שוועגערין מרת ווער־טהיימער. דא אין „בתי־הונגארן״ געפין איך זיך בעסער און באקוועמער ווי אין די גרויסע האטעלען אין ירושלים: ערשטענס — ווייל איך בין צווישען איי־גענע און קאן אין יעדן פרייגעווארענעם מאמענט כאפן א שמועס מיט די קרובים פון מיין מאן, זאל זיין געזונד; צווייטענס: בין איך ממש אינדערהיים: אונגארן! ווילט איר — די שפראך, די קליידונג, די אידישע אטמאספער, די פרומקייט — וואס זאג איך — טויזענט־מאל פרומער... אויף א טישל אין א ווינקעל פון מיין קווארטיר ליגט א נעבען דעם אנגעווארפענעם שרייבגעצייג, אנגעלענט א לוח, א קאלענדער — און יעדעס בלעטל וואס ווערט פון אים אפגריסען־טאג־

טעגליך — דערמאנט מיך אן דער צייט וואס דערוויטערט זיך אן אויפהאלט און אן דעם טאג פון מיין צוריקפארען וואס דערנענטערט זיך. און וואס מער מיין אויפהאלט ווערט קלענער זע איך מיין טעטיגקייט אלץ ווייניגער. דער געדאנק מונטערט מיך צוטרייבענדיג צו פארכאפן נאך וואס ס׳לאזט זיך נאר. און באמת בין איך די לעצטע טעג ממש געשטאנען אויף די פיס. די חתונה פון מיין זון וועלכע איז פארגעקומען א נאכט פאר מיין אפרייזען האט צוריקגעלאזט א גרויסן פאריבל פון די מחותנים אויף מיר: הלמאי מיינע „קונים״ פון „רפואה וחיים״ האבן מיך נישט געלאזט זיין א געהעריגע מחותנת׳טע ווי ג־ט האט געבאטן... איך האב מיין אנשויונג אויף צדקה־ארבעט און איך קאן פון איר נישט לאזן.

נאך א בליק אין די מעברות און די מוסדות

איך כאפ ממש די באזוכען אין די מעברות, אנשטאלטען, ישיבות, פריוואטע קרובים און אזוי נויטבאדערפיגע; דער־עס־נישט און דער־שלאף־נישט. ס׳געלינגט מיר נאך זיך ארייננכאפען אין א פאר מעברות נעבן תל־אביב, ירושלים או. א. וו. מען קאן דא אויף קיין שום מעברה נישט זאגען דאס זי איז ביי דער „סוכנות״ א בת־יחידה: דאס וואס איינע האט — באקומט אויך די צווייטע, דאס הייסט: צעלטן וואס זומער ברענט דורך די זון און די היץ, ווינטער אבער — דער רעגן און די קעלט. איין מעלה האבן די מעברות: אחדות איז אין זיי דא — דאס הייסט אז אלע האבן דאס זעלבע פנים: איינע איז נישט שענער פון דער אנדערער און נישט רייכער. מ׳קאן זאגען — זוכענדיג די „גוטע זייט״ אז ס׳איז דאך דא עפעס אינערליכעס וואס איניגט די מעברה באוואהנער: דאס וואס ס׳ווערט אויף א מאל מיט דער מאטעריעלער זארג — אויך פאר די גייסטיגע באדערפענישן געטראכט: (נאטירליך אונטער׳ן איינפלוס פון דעם רעליגיעזן טייל אין דער סוכנות) א מקוה, א משגיח, א בית המדרש — דאס אלץ ווערט באשאפען. און אז די רעליגיעזע געביטן וועלכע זענען אימשטאנד צו איניגען — דען סוף־סוף האבן מיר דאך נאר איין ג־ט, ב״ה, דערפירן צום חלק פון דער געווינשטער הארמאניע — וואו׳זשע איז דא דאך די מחלוקת שפירבאר? — גיי און זיי א חכם, און געפין אז דער וועג צום רבונו־של־עולם איז צעטיילט אויף „שבעה ימים״ — דאס הייסט אז זיבן בתי כנסת אין איין מעברה זענען נאך פיעל צו ווייניג, איך בעט אייך, ציילט: אן אשכנזיש, א ספרדיש, א תימניש, א מאראקאניש, א בולגאריש, א בוכאריש, א אינדיש — — איר זענט נאך מיט די אריענט־

אלן נאך לאנג נישט פארטיג; און האט איר שוין געהערט אז א סאטמארער זאל דאווענען מיט א וויזשניצער? איך בין איך אימשטאנד צו־צופירן ביז אנ׳צאליגער צאל בתי מדרשים וואס זענען נויטיג — נאר דאס איז שוין אנ׳ענין פון יענער זייט מעברה; דארט קאנט איר שוין געפינען אפילו א רעפארם שול. נאר איך בעט גאט אז ס׳איז אונז באשערט מחלוקת — זאל דאס בלייבן אין די שולן; דען א זעלכע קאנען מיר דאך שוין פון הלל מיט שמאי: א מחלוקת לשם שמים — סופה להתקיים. די מוסדות האבן אויך זייער צד־השוה אינדעם וואס זיי נויטיגען זיך אין די מאטעריעלע מיטלען פונקט ווי די מעברות — נאר מיט דעם אונטערשיד וואס די ערשטע קוקען ארויס אויף פריוואטע קאפיטאל און שטיצע, בשעת די אנדערע באקומען זייערע סובווענציס פון דער נאציאנאלער קאסע. די דאזיגעביידע קוקען ארויס אויף די אמעריקאנישע אפענע אידישע הערצער און אפענע הענד...

און ווידער די ישיבות...

עפעס לאזט מיך נישט אפ, און ס׳ציט מיך אהין צו די דאזיגע הייליגע פעלדער וואו מען בויט אן די פלאנצן פון אייביגער מענשן־ליבע און מען זייעט דארט דעם זאמען פון דעם זעטיגסטן אידישן מאכל פון שטענדיגער, אומאונטערבראכענער דויער: די ישיבות אין וועלכע ס׳ווערט געלערנט די עטערנע לערע וואס האט עקזיסטירט שוין דעמאלט ווען די ציוויליזירטע אייראפייער האבן זיך ארומגעדרייט אין די זומפיגע וועלדער און — — זיך איינער דעם אנדערן — נאך דעמאלט — איינגעשלונגען... יא — זי, די תורה, וועט נאך איבערדויערן די אלע אנדערע „תורות", וועלכע פארמעסטן זיך צו קומען אויף איר שטעלע, דען אז זיי אלע וועלן זיך ארויסשטעלן אלס אומגילטיג — דעמאלט וועט מען זיך צו איר, דער אלטיטשקער, ווענדען און ביי איר אנפרעגען וויאזוי מען זאל זיך פירען אויף דער זינדיגער וועלט כדי צו וויסען ווי איינער דארף לאזען דעם אנדערן אויך לעבען און אים נישט אנזען פאר איבעריג... דאכט זיך דאס איך בין שוין ווידער צו ווייט פארזונקען אין די נישט געארדענטע מחשבות וועלכע געהערען זיך נישט אן אין מיר דירעקט, דען א פרוי איז דאך לויט׳ן אידישן דין פטור פון תורה לערנען — נאר דעם אמת געזאגט זיך האב איך נאר אנ׳אויסרייד כדי מיינע ניי־אויפגעלעבטע געפילען אויף וואס־עס־איז צו פארדעקען; דען וואס זאל איך לייקענען — הלמאי זענען די ישיבות א טייל פון מיין אידישער בענקהאפ־

טער און אידילישער קינדהייט — א געביט וואס טוט זיך נישט אפ פון פאר מיינע אויגען — דאס אליין איז שוין גענוג אויף מיר אזוי באליבט צו מאכען דעם תורה־אנשטאלט, וואס האט אויסגעפילט אונזער געגענד אין אונגארען, — אנגעהויבען פון קלענסטען דערפעל אין דער פארעם פון א פשוט׳ן „חדר״, וואו אידישע אינגעלאך, „משה׳לעך און שלמה׳לעך״ זיצען זיך ארום א לאנגען טיש, איינגעקארבט פון לאנגען געברויך און מען הערט צו מיט געשפאנטער אויפמערק־זאמקייט צו דעם זינגענדיגען פירוש פון דעם אויבן־אן זיצענדיגען „רבי״ — וועלכער האט, ווי מען דערציילט זיך צווישן די תלמידים, א „קאנטשיק״ אונטערן קישען, אבער נאר גאר זעלטען האט ער פון אים געברויך געמאכט. און אז דו ביסט שוין אריבער דעם „ואני — כאטש איך בין דיך מטריח מיט...״ און האסט אנגעהויבן מיט א„לייענען״ — דאס הייסט — לערנען אליין א קליין־שטיקל גמרא — האט מען שוין אנגעהויבען שמועסן פון א גמרא־מלמד. ווי בין איך דען דאס אומשטאנד, איך א פרוי, צו באשרייבען דאס שענע גייסטיגע, איינפאכע לעבען פון דעם אידישען אינגעל וואס אט דידאזיגע פרימיטיווע אנשטאלטען האבען פון זיין פריהעסטער קינדהייט אויסגעפילט! מיר איז דאס באקאנט נאך פון דעמאלט ווען כ׳בין געגאנגען אין די ווייסע ווינטערנעכט מיט מיין עלטערער שוועסטער פייגע אדער חנה — זיי זאלן זיך מיהען פאר אונז — א היימברייגנגען אונזער ברודערל אברהם־חיים׳ל פון „חדר״, 10 א זייגער ביינאכט; מיר זענען אים נאכגעגאנגען בעת ער האט געשפרייזט מיט גרויסען שטאלץ אין טיעפען, ווייכען און קריצענדיגען שניי, טראגענדיג דעם פילפארביגען געצאקטען פאפיר־ענעם לאמטערן, אין זיין באהעניטשקעטער האנד, וועלכער האט זיך נישט איינמאל אנגעצינדען און אפגעברענט א דאנק דעם וואס דאס חלב׳נע ליכטל האט זיך אויסגעבויגען און ברענענדיג זיך „אנגעשפארט״ אן די ברונענקיילעכיגע, געקארבטע ווענט און אים דעם אנטוישטען חדר׳אינגעל געלאזען שטעהן מיט׳ן בלויזען בענדל ווי א„נשרף״ אין מיטן דער גאַס...

די „חדרים״ און „תלמוד־תורה׳ס״ — אלס חלוץ פון די ישיבות

כאטש דער נאמען „תלמוד־תורה״ האט געשמעקט מיט „ארעמקייט, יתום׳־דיגקייט, מיטעלאזיגקייט או. א. וו. און אז פאר א באלעבאטיש קינד האט נישט געפאסט, חלילה דארט צו לערנען, טראצדעם איז די תלמוד־תורה פארעכענט אלס הויפט־אנשטאלט פון דער איצט־געריפענע פאלקסשול — גיכער נאך ווי דאס

„חדר", דען בשעת אין „חדר" האבען געהאט די דעה צו זאגען אויסשליסליך די בעלי־בתים, וואס האבען געצאלט דעם „שכר לימוד" — און זיי זענען דאס געוועזען די וועלכע האבען אנטווארפען דעם „לערפלאן" — זענען די תלמוד־תורה'ס געשטאנען אונטער דער אויפזיכט פון דער קהילה, וועלכע האט שוין געהאט, מער־וויניגער, א ליניע וואס האט געגרעניצט מיט אביסל רעגולאמענט, שוין צו־ליב די צוגעפאסטע פארשטייער, און וואס די הויפט: דארט האבען שוין געלערנט די גרויסע מאסען קינדער — די ארעמקייט האט זיי אהינגעטריבען און וואו ארעם — דארט איז תורה. אזוי ארום האט די תלמוד־תורה ארויסגעגעבען א גרויסען חלק פון אירע „תלמוד־תורה־קינדער" פאר די אידישע ווערקשטאטען און נאך א גרעסערן חלק — פאר די ישיבות און די בתי מדרשים. אין די לעצטע האבען עס פארבראכט די נישט באמיטעלטע זין פון אינדערפרי ביז שפעט אין דער נאכט זיך שאקלענדיג ביי דעם שיין פון די ביים „מעריב צוריקגעבליבען ליכטל איבער די גרויסע בית המדרש־גמרות און זיך אזוי אקעגענגעשטעלט אט דעם מאטעריעלען קעגנער וואס האט זיי דורך מאנגעל פון געלדמיטלען געוואלט מיט געוואלד דערוויטערן פון דעם תורה־קוואל... זיי האבען זיך אבער נישט געלאזן און מנצח געוועזן. (איין לעבעדיגער מוסטער דערצו איז דער, שוין אויבען דערמאנטער, נעפיו, ר' גדלי' שטיין, וועלכער איז אין עלטער פון צעהן יאר פאר־יתומ'ט געווארן פון זיין מוטער, מיין שוועסטער, ראכיל ב"ע און איז געבליבען שטעקען אין מיטן א פילקעפיגער פאמיליע וואס דער דורכ'ן קריג רואינירטער טאטע, האט נישט געקאנט דערפירען אליין דעם פאמיליען־ וואגען אויפ'ן געוויג־שטען וועג; אט דער פאטער, ר' וואלף־„הגדול" האט מען אים גערופען — וואס זיין חכמה און פקחות איז נאך היינט־צו־טאג שפרוכווערטליך אין מויל פון די בארשער אידען, האט נישט געקאנט אויפטרייבען גענוג חכמה און לעבענסקענט־עניסען אויף צו קאנען זיין אויך א מאמע פאר די זיבען יתומים — און בשום אופן נישט אויסגעפונען א קוואל פון וואו אנצוטרינקען זיינע שעפאלעך; עס האט אבער דעם אויס דעם חדר אויסגעשלאסענעם גדלי' — פאר נישט צאלען קיין שכר לימוד — נישט געשטערט זיך דעם וועג צו געפינען, אין בית המדרש־אליין געלערנט און פון דארט ארויס און געטראפן זיין וועג אין תורה, און וויסען — און היינט א מושלם פאר ג־ט און פאר לייט). די ישיבות דארפט איר נישט פארגע־סען זענען דאס געוועזן די איינציגע „שולען", אזויצוזאגען, פאר די רעליגיעזע אידען אין מאראמורעש, וועלכע האבען געקוקט אויף די עפענטליכע „גויי'שע

שקאלעס״ אדער „אישקאלאבאס״ ווי אויף א גזרה ווי אלע גזירות וועלכע מען מוז ווי ווייט מעגליך מבטל זיין; האט איינער נישט געלערנט אין א ישיבה איז ער ממש געבליבען אן עם הארץ, און זיין לעבען לאנג דערפון געליטען.

מיין „ישיבה־שוואכקייט״ — אן אומהיילבארע קראנקהייט...

ווייל היינטער מיין „ישיבה פסיכאזע״ שטעקט א גרויס שטיק פון מיין לעבען, דעריבער מוזט איר, מיינע פריינדע, זיך צו הערן שוין אביסל צו פיעל איבער זיי. קאן זיין אז אנדערע דערציילען איך מער אינטערעסאנטערע בעגעבענ־הייטען פון ישראל. נאר דערפאר וואס איך בין געוועזען אין „ארץ־ישראל״ און נישט ווייניגער פון אנדערע הנאה געהאט פון די גרויסע דערגרייכונגען פון אונ־זערע ברידער — איך האב א סך דעריבער געשריבען — נאר איך האב א באזונדערען תענוג געהאט פון דעם אמת׳ן אידישן לעבען אין הייליגען לאנד — און דאס האב איך געפונען — און וועל נאר געפינען — צווישען די פיער ווענט וואס זאפען זיך אן מיט „יעקב׳ס קול״ וועלכעס איז צוגאסען אויף די אומפאנגרייכע בלעטער, האלטענדיג, דעם סוד פון אונזער אייביגען באשטאנד איינגעוויקעלט אין אירע פיערעקיגע אותיות... דער זכרון פירט מיר אריבער אין בית המדרש פון מיין צווייטען וואהנשטעטל, אונטערווישע, וועלכעס איז געשטאנען אנטקעגען דעם פעטער, הרה״צ ר׳ יוסף מאיר זצ״ל מיט זיין רביצין, די מוהמע בריינדל ז״ל מיין מאמע, ע״ה שוועסטער — ווענעמס הויז ס׳איז אליין געוועזען א בית המדרש... די מוהמע א צדיקת, א מכניס־אורח׳טע און א מוטער פון גויטבאדערפט־יגע; וואס האט אין איר לעבען, לײדער זייער ווייניג נחת געהאט, דען איר איינ־ציגע טאכטער, די רעביצין, איז אין אמעריקא יונגערהייט אוועק איבערלאזענדיג צוויי פיצלעך קינדער, דער פעטער וואס האט געהייסען דער אונטערווישעווער רבי — איז אליין און פאר זיך געוועזען אנ׳עושר: געהאט א גוטגייענדיג געשעפט מיט שענער פרנסה — און געוועזען א רבי — מיט געוואלד, געצוואונגען דורך זיינע פארערער — שלא על מנת לקבל פרס — ווי א שטייגער דער „חפץ חיים״, זצ״ל: גענומען קוויטלעך אן פדיונות.. מיין הארץ איבערלויפט פון ווארעמע דער־מאנונגען, באגלייט פון טיפע זיפצען ווען איך זעה מיט מיינע גייסטיגע אויגען די צוויי שוועסטערס, די מאמע מיט דער מוהמע — איין הויף, איין הילוך און כמעט איין קליידונג ווי זיי באשמועסען זייערע טעגליכע פראגען און גיבען זיך קעגענזייטיג צו לעזען די אט — וואס באקומענע בריוו פון זייערע ווייטע קינדער

אויף וועלכע זיי זענען קיינמאל נישט מסכים געוועזען דאס זיי זאלען זיך פון דער היים דערווייטערען. די מאמע — די זעהר זעלטען פארזארגטע און אומעטיגע בלומע די שוחט׳קע וואס האט באגעגענט אירע קינדער און נאכמער אירע איניק־לעך, מיט איר אייביגען שמייכעל אויף די ליפען — נעמט אפיר פון אונטער דער שירצע אויס דער טיעפער קעשענע אירע נדבות פאר די ארעמע לייט מיט אזא זעלבסטפארשטענדליכקייט וויגלייך זי גיט דאס פאר׳ן בני בית. מיר דאכט זיך דאס איך הער זי שבת נאכמיטאג אויסטייטשען די סדרה לויט דער „צאינה־וראינה״, פאר די צענדליגע ווייבער וואס האבען זיך פארזאמעלט ביי איר טיש, פארבראקט דאס מיט א קאפיטעל „שבט־מוסר״, אונטערגעשלאגען מיט א פרק „מנורת־המאור״ און צוגעפעפערט מיט א טראפען עברי־טייטש פון „ראשית־חכמה״.. און איך זעה ווי א שטראל פון צופריעדענהייט און האפענונג צעגיסט זיך אויפ׳ן פנים פון די צוהערערינס וואס קלערן אפילו נישט זיך פון איר צו טיילען ביז „דער ליעבער שבת קודש גייט אהין״ און סע׳רוקט זיך אריין די שלוש־סעודות־דעמערונג — נעמען זיי און קוקען, יעדע פון זיי ארויס — צום הימעל ארויף, און זוכען מיט אסטראנאמישער מבינות די ערשטע דריי שטערען און אז מען האט אפגעזאגט דעם אומהיימליך געזונגענעם „ג־ט פון אברהם״ — געזאגט א „גוטע־וואך!״

די דריי פאטערס וואס דערמאנען אין די... אבות

ווי אין א ווייסען דורכזיכטיגען שלייער פארהילט, קוים דערקענבאר, דערשיינען פאר מיינע אויגען אויס דער וויטען און נאענטען פארגאנגענהייט, נעבען די קינדער און מאמעס — אויך די פאטערס פון אונזער משפחה: ר׳ גדלי׳ שטיינמעץ דער בארשער שוחט, ר׳ יוסף־יום־טוב — דער גרויסער ספרים־סוחר און ר׳ אברהם־לייב דער האלץ־סוחר. דעם טאטע, גדלי׳ געדענק איך ווי אין חלום — דען צו קליין בין איך דעמאלט געוועזען, מיר איינצעלהייטען פון זיין פערזענליכקייט פאר מיין לעבען צו באהאלטען. אלע שענע באשרייבונגען אויף אים האב איך מייסטענס אין מיר אנגעזאפט פון מויל פון מיין מאמע, געשוויסטער — און באזונדערס באקאנטע, וועלכע האבען מיט באגייסטערונג פון אים געשמועסט. יארענלאנג — און נאך היינט — האט זיך די משפחה מיט שטאלץ גע־יחס׳ענט אויף זיין, ע״ה, חשבון. ליידער איז אין מיין זכרון נאר די שלאנקע פיגור מיט דעם רעספעקט־אנפילענדיגע דערשיינונג פון דעם שטארק באליעבטען פאטער

פארבליבען. אין מיינע ברידער בין איך געוואוינט געוועזען צו זעהן די אפּ־שפּיעגלונג פון מיין קוים־געקענטען פאטער. דער פעטער ר׳ יוסף־יום־טוב גאנץ, דער איינגערער ברודער פון מיין מוטער — אויף אים בין איך שוין אומשטאנד איבערצוגעבען א גאר רייכען איבערבליק און בין בכח ארומצונעמען זיין געש־טאלט מיט אלע אירע ליכטזייטען — נאר דא איז דאך נישט דער פלאץ דערצו. ווער האט נישט געקאנט ר׳ יאנטעל גאנץ, דעם גרויסען ספרים־סוחר — איך בעט נישט פארבייטען: ספרים — נישט קיין ביכער! פאר א רענדל האט איר ביי אים נישט געקאנט געפינען א „טריף־פסול" — אפילו ס׳זאל אים געוועזען אנשטיין דאס גאנצע געלד צו פארדיענען. זיין שעהן פנים, מיט דער גרויסער שווארצער בארד, מיט זיין תמיד לאכענדיגען, קלוגען רעדען האבען אין זיך געהאט א זעלטענעם צויבער פון צוציהען צו זיך. געשטארבען איז ער ווי אנדערע טייערע אידען: אין די דייטשע אויוועגס — אויף קידוש־השם. דער דריטער אין דער ריי איז דער עלטערער ברודער פון מיין מאמע — דער פעטער ר׳ אברהם־לייב גאנץ פון סאסרעגין. די געאגראפישע ווייטקייט האט מיר נישט געגעבען די מעגליכקייט אים נענטער צו קאנען; נאר בארימט האבען מיר זיך מיט דעם זיבעטענבערגער פעטער, דעם האלץ־סוחר וואס האט שוועער דערהאלטען זיין פיעלקעפיגע פאמיליע. א איד א תלמיד־חכם, און א גרוסער חסיד האט זיין ציעל געלייגט: זיינע קינדער א ריינע אידישע ערציהונג צו געבען, וועלכעס ס׳איז אים פולשטענדיג געלונגען: זיינע דריי זין, וועלכע האבען אויסגעוואנדערט אויס מאטעריעלע סיבות אין ווייטען מעקסיקא האבען גע׳ירש׳ענט דאס נדבנות פון זייער פאטער און ס׳איז נישטא אין וויכטיגער אידישער אנשטאלט, אין ארץ ישראל וואו די דריי ברידער גאנץ, יוסף מרדכי, מנחם־מענדל און ישראל — וועלכע ציילען זיך צווישען די רייכ־סטע אידען פון דער וועלט, זאלען זייער גרויסען מאטעריעלען אנטייל נישט האבען געגעבען.

נאך א פאר נעמען פון „ישיבות" — כדי נישט צו דערוועקען קנאה...

אפילו כ׳האב שוין געשמועסט פון בני ברק אלס דעם צענטער פון די „ישיבות" אין דעם רייכבאפעלקערטען לאנדטייל — מוז איך מיך פון דארט א כאפּ טאהן אין דער אומגעבונג אום זיך צו געזעגענען מיט א פאר, אזויצוזאגען, פראווינציאלע תורה־אנשטאלטען, וואס ס׳איז לגמרי נישט כדאי זיי צו אונטער־שעצען, אז דערנאך זאל איך זיך קאנען אומקערען קיין בני ברק, כדי דארט

א באזוך אפצושטאטען א גרויסען צדיק הדור — וואס איז בעוונותינו הרבים אינצווישען נפטר געווארען. האט איך אייך, למשל, פארגעשטעלט אז אין מיטען צענטער פון דער ארץ ישראל לאנדווירטשאפט, אין כפר־גדעון פון עמק יזרעאל, געפינט זיך א „ישיבה״? און אין דעם טעקסטיל־שטעטל כפר־אתא מיינט איר איז נישטא? און וואו איז בית שאן אין עמק הירדן? כפר הרואה אין עמק חפר, כפר סלמה — אין עמק החוף און נאך אנדערע צענדליגע אזעלכע וואס ליגען צעזייעט און צעשפרייט אויף פארשידענע פונקטען, פארשידען אין זייער לאגע אבער אייניג אין זייער ציעל — דען דריי מאמענטען בילדען דא דעם פאדעם וואס בינדט זיי אלע איינעם צו א געמיינזאמען כאראקטער; 1־אויס אלע געהען ארויס למדנים; 2־אלע לערנען דיזעלבע תורה און יראת שמים; 3־אלע קוקען זיי ארויס אויף דער אמעריקאנער שטיצע — דען לערנענדיג קאן מען נישט פארדיענען. זיי בינדען אויף מיר אן זייערע האפענונגען: פרוי ווערטהיימער, אז איר קומט קיין אמעריקע גיט איבער דאס וואס איר האט געזעהן און זאגט אונזערע ברידער אז זיי האלטען נישט אין זייער פליכט, גענוג געגען אונז: דען לויט דעם „דזשענטלמעניזשען״ אפמאך צווישען מיר, די תורה־לערנער און זיי — די ביזנעס־מענער, ואלטען אונזערע באדינגונגען געווען גלענצענדיגער ווי זיי זענען.

ב״ה, בני ברק, יא סיון, תשי״ג

א באזוך ביים צדיק־הדור, דער „חזון איש״, זצ״ל

דאס בין איך נאך שולדיג מיינע ליבע לייענער — זיי דערמאנען אין א גדול בישראל, וואס האט געלעבט ווי א מלאך — און ווי א מלאך איז ער ארויפגעגאנגען צו זיין באשעפער — דאס איז דער גרויסער גאון, הגרא״י קרליץ — וואס איז באקאנט אונטערן נאמען פון זיין ספר: „חזון איש״. רבי אברהם ישעי׳ קרליץ זצ״ל איז געווען פארעכענט געבען זיין כח אין דער תורה, צדקות, עניוות און אנדערע גרויסע מעלות, אויך פאר א זעלטענעם חכם — א ריכטיגער „תלמיד חכם״... כדאי נאר צו באמערקען אז דער גרויסער שטאטס־חכם און יעצטיגער פרעמיער פון ישראל, דוד בן גוריון, איז געקומען זיך ביי אים נעמען אנ׳עצה, אזוי אז דאס באשיידענע שטיבעלע אין בני־ברק איז אין א שיינעם טאג געווען דער מיטעלפונקט פון אלגעמיינעם אינטערעס, בשעת עלעגאנט־געקליידעטע פאליציי, מיט פאטא־אפאראטען באוואפענטע רעפארטערס און טוי־

זענטע פון נייגעריגע האבען זיך געשארט ארום דעם הייזל — און ס'האט אנגע־נומען דעם איינדרוק ווי א פארצייטיגער יהודה'שער מלך קומט זיך עצה'ן מיטן „נביא" אין זיינע שטאטס־אנגעלעגענהייטען... אט יענער צדיק האט מיר, פשוט'ע אידענע אויך באוויליגט א באזוך. באגלייט האט מיך זיין שוועסטער, די חשובע רבעצין גריינימאן תחי' און ס'איז מיר געלונגען צוויי מאל צו באקומען די ברכה פון אים פאר מיינע קינדער יהוסף גדלי' מיט זיין ווייבל סימע צו זייער חתונה. דער זכות ווערט ביי מיר פארעכענט פאר איינעם פון די גרעסטע זכותים אין מיין לעבען, דען א קורצע צייט דערנאך האט מען דעם צדיק גערופען אין דער ישיבה של מעלה... א מיינונג איבער דעמדאזיגען גאון צו זאגען, זיין גרויס־קייט אין תורה, יראת שמים און וועלטזאכען — איז נישט פון מיין קאמפעטענץ. אויסער וואס ער איז געווען א מחבר פון א סך ספרים, א דעה־זאגער אין אידישען לעבען — איז ער אויך געווען א „רבי" וואס האט ממש באוויזען מופתים, נאר דעם „פדיון" האט ער נישט אנגערירט; געפרעגט האט ער דעם געבער אויף וואס ער וויל דאס זיין תרומה זאל פארווענדעט ווערן. ער, זי"ע, האט זיך באנוגענט מיט א „מעסטל באקסערן" — ווי רבי חנינא בן דוסא, און מיר דאכט זיך אז אין זיין צייט האט די וועלט זוכה געווען צו איר קיום נאר אין זיין זכות — ווי א מאל אין רבי חנינא'ס זכות. געשלאפען איז ער אויף א רגע, אויף דער ברייט פון בעט, כמעט אנגעטאן, זיין דאווענען איז געווען סודות'־דיג און דאס גאנצע לעבען — א הייליג רעטזעל — — זיין זכות זאל ביישטעהן און מגין זיין אויף דעם לאנד פאר וועלכע ער האט אזויפיעל אהבת נפש געהאט — און וועלכעס נויטיגט זיך אצינד אין א גרויסן זכות. ארויסגעהענדיג פון אזא גייסטיגען צענטער קאנסטו דיר נישט מער דערלויבען פאר דיינע אויגען וואכענ־דיגעס צו ווייזען, און דו מוזט זיי אריבערפירען אין א ווייטערדיגער רוחניות'־דיגער ספערע כדי נישט צו פארדארבען דעם הייליגען גלאנץ וואס זיי האבען אין זיך איינגעזויגען. אזוי באוויזען זיך ווידער פאר מיין געזיכטסקרייז די שוין דערמאנטע „פוניביזשער ישיבה" מיט איר באזונדערן שטאלץ, דערהויבען אויפ'ן „זכרון מאיר בערגל"; די „ישיבת חכמי לובלין" — וואס איז קיין בני ברק איבערגעטראגען געווארען פון דעם אזוי טרויעריג־בארימטגעווארענעם לובלין מיט איר געטא; די „שער השמים ישיבה", די ייטב לב־ישיבה" וואס ווערט געשטיצט פון „סאטמארער רבי" אויס אמעריקע; די „מירער ישיבה" און גרויסע און קליינע „געצעלטען פון יעקב" וואו טייערע אידען אין יעדען עלטער מאכען

פארגעסען זייער מי און גויט אין א בלאט גמרא און פארשמועסען זייערע דאגות אין א מדרש אדער אן „עין יעקב", פארטיפעפען זיך אין דעם אייביגען אומאויס־שעפבארען קוואל פון אונזער אלטען אוצר וועלכער איז פון קיינעם נישט געגלוסט גע־ווארען — און דערפאר אונז אליין געבליבען און וועט אונז בלייבען שטענדיג דער גרויסער טרייסט און דערמונטערער וועלכער וועט אונז דערפירען צום זיעג דורכ'ן אמת, איבער דער ליגנערישער און פאלשער וועלט פון היינט, וואס וועט אמאל פלאץ מאכען פאר א נייער און שענערער וועלט אויף וועלכער ס'וועט זיין אויך גענוג רוים פאר דעם אייביגען פאלק ישראל.

פון וואס איך קאן נישט שרייבען

מיינט נישט אז איך שרייב אזויפיעל איבער די „ישיבות" — קאן איך אויך שרייבען וועגען פראבלעמען וואס באשעפטיגען דאס לאנד אין זיין טעג־ליכען לויף — דערצו מוז מען שוין זיין גוט באהאווענט און בקי — מען דארף פשוט האבען געהעריגע אנגרייטונג אויף צו זאגען אפילו א מיינונג — און דערפאר האלט איך זיך צוריק פון א סך ענינים וואס „בעטען" זיך ממש ביי מיר: האסטו דאך אונז גוט באטראכט און זיך באפאסט א סך מיט אונז — פארוואס דערציילסטו נישט אויף דיין שטייגער? מען ווארט דארויף! נאר ווייל איך האב זיך געוואגט און גענומען די פען אין מיין נישט־דערצו־געוואוינטער האנד — טאקע דערפאר לאז איך דאס איבער פאר אנדערע, געניטערע פון מיר: זיי וועלען דאס טאן מיט דער פולסטער ליטעראַרישער אחריות; איך וועל זיך אין באשיי־דענער ארט מיך צופריעדענשטעלען אז מיינע לייענער וועלען דאס טרעפען אין מיין באשרייבונג וואס כ'האב געוואלט דאס זיי זאלען טרעפען. קאן איך דען באצאלען מיין חוב פאר די וואס ווילען פון מיר הערן איבער דעם מיסטעריעזען מירון ביי צפת מיט די הייליגע קברים, מיט דער בונטקייט פון די פילגרימער ביי זיי? — איך האב מורא צו טשעפען און אנהויבען אפילו מיט מיין קארגען שילדערונגספארמעגען. איך וועל נישט יוצא זיין מיט איבערגעבען די פרטים אויף דעם אויסגעקליבענעם אביעקט. קאן איך האבען, א שטייגער, גענוג רייד פאר די באגעבענהייטען וואס וויקלען זיך אפ ביים צופוסענס פון גרעסטען בארג פון ישראל, דעם דזשערמארק, אויף א פלאך פון בקרוב 200 דונאם ארץ־ישראל באדען, אין א פארלויף פון נישט מער ווי צוויי וואכען ארום ל"ג בעומר — אין איין יאר? דערצו מוז מען מיט דער געהעריגער פעהיגקייט האבן א גאנץ ספר —

אלא נישט האט מען גארנישט אויפגעטאהן און די באשרייבונג איז מאנגעלהאפט און נישט צוגעפאסט דער ווירקליכקייט.

אט האב איך פארזוכט מיטצומאכען אנ׳אוואנטורע — דאס איז דא זייער מענש־מעגליך־אייגענס כדי איך זאל האבען וואס צו דערציילען, זיך פארזעצט אין מיטן נערוו פון אידישען פילפארביגען לעבען, אויף דער גרעניץ צווישען אלטען און נייען:ביים אריינגאנג אין „מאה־שערים״ ווי באלד כ׳האב נאר דערזעהן די אויפגערעגטע און געשפאנטע באוועגונג צווישען די בא׳פיאה׳טע און באבערד־עטע זיידענע אידען, און געהערט אז דא גרייט זיך עפעס צו, האב איך שוין נישט געהאט קיין צייט אויף צו באשליעסען און זיך פלוצים דערזעהן אין מיטן פון א ריעזיגער דעמאנסטראציע קעגען „גיוס בנות״ — דאס הייסט נישט צו נע־מען מיידלעך צו דעם מיליטער. ביי דער געלעגענהייט האב איך געהערט דעם מגיד ר׳ בן ציון יאדלער מיט דעם טראדיציאנעלען ניגון זיין דרשה אויסזינ־גענדיג וואס האט געמאכט די אלע ארומיגע, באזונדערס די ווייבער, גיסען מיט טרערן. פון דער צווייטער זייט מאה שערים הערט זיך א יאמערליכע „תקיעה״ פון א שופר. אויף א רגע האט זיך מיר אויסגעדאכט אז איך זעה, ווי אמאל אין גלות, ווען אידען בעטן ביי השי״ת דאס ער זאל מבטל זיין די גזירה אויף אידישע קינדער... אין יענעם מאמענט בין איך נישט געוועזען ביי מיר, איך האב גרויס עגמת נפש געהאט און פאריבעל — זיכער האבען דאך רעכט די רעלי־גיעזע אידען וואס ווילען דערהאלטען די אידישע טאכטער ביי איר ווייבערי־שער אידעלקייט און שטעלען זיך דערפאר אנטקעגען זייער פארוואכענדיגער גלייכשטעלונג אין מיליטערישער הינזיכט.

ב״ה, ירושלים, יא תמוז, תשי״ג

אויף אנ׳ארעמער חתונה אין ירושלים:

אז אין מיין געבורטסהיים, אין מאראמארעש, האבען זיך געפרייט וואכען־לאנג די ארעמע לייט אויף א חתונה וואס האלט אין אנקומען — איז מיר פאר־שטענדליך געוועזען — דען ווען דען האבען זיי, די הונגעריגע אידען, געזעהן פאר זיך א ווייסע בולקע מיט א היפשער פארציע פיש און א נישט קשה׳דיג שטיק בראטען — אז נישט אויף א מער־וויניגער בעל־בתישער חתונה? — אבער אז אין מיטען דער אייביגער און הייליגער שטאט ירושלים, די הויפטשטאט פון יש־ראל אויף וועלכער „ג־ט׳ס אויגען״ און — להבדיל — מענשענס אויגען ווערען

אויף קיין מינוט נישט אפגעטאן, ווי מען זארגט פאר איר נישט נאר „פון אנהויב יאר ביז ענדע יאר" — נאר פון אינדערפרי ביז דעם אנדערן אינדערפרי — מיט כל׳ערליי מיטלען כדי זי זאל קאנען דערהאלטען אירע איינוואהנער מיט כבוד און אלדאס־גוטס — פונקט ווי די תורה האט אמאל, אין דער אלטער צייט פאר איר געזארגט — טא ווי קומט דאס, אז נאך די „אלע היום׳ס", ווי מען זאגט, זאלען זיין אין אזא צאל אזוינע סאציאלע פאלען וואס זאלען כאפען א ביסען ברויט — אי דאס ווי, געלויבט צו גאט, און א דאנק דער זארגפולער עקאנא־מישער פאליטיק פון זייטענס דער ישראל־רעגירונג קאסט א ברויטעל ביליגער ווי אין יעדען לאנד?! וואלט דאס געוועזען א פארטזעצונג פון „גלות"־לעבען — וואלט נאך געוועזען האלבע לייד, דען אביסעל ליכטיגע זייט האט דאך אויך דאס גלות געהאט אין זיך (איך וויל דא נישט, חלילה, זיין א מליץ יושר פאר׳ן גלות) דארט האט מען געוואוסט אז א נגיד מאכט חתונה וועלן שוין „די הונד טראגען גאנצע קעפ", ס׳הייסט ארעמע־לייט האבען זיך געפרייט מיט דערוואַרטונג און אים, דעם „עושר" מיט זיינע קינדער באשאטען מיט ברכות און „מזל־טוב׳ן" פאר א...בולקע מיט פיש. מאכט אבער אין ארץ ישראל אזא מין סארט „נגיד" א חתונה, זענען דאס קודם־כל „געלאדענע געסט" — און מען איז דא אויף אזוי וויט דיסציפלינירט אז קיינער וועט זיך נישט וואגען צו געהן אויף א חתונה מיט נאר געלאדענע געסט — מעג זי אויך זיין ווי גרויס און רייך. ירושלים אבער, באזונדערס די ארימטע „מאה־שערים"־געגענד, איז א שטיקל קאפיע פון „דארט" פון מיין אומפארגעסליכער „גלות־היים" דעריבער ווערט דא געמאכט אנ׳אויסנאם און ס׳קומען אויך נישט־גערופענע ארעמע לייט — אי־דאס דווקא אויף אנ׳ארעמער חתונה. אריינגעפאלען אויף דער חתונה בין איך צוליב נייגעריגקייט פון באטראכטען אזא סארט חתונה, געמיינט צו קריגען „שטאף" אויף צו באשרייבען — כאטש נעם ערשט א נייעם, מאטעריאל, ארבעט אים אויס אויף א בילד, שנייד אים צו און טראג דאס אונטער דיינע לייענער, דארט ווי די פארגלייכסמעגליכקייט איז ווייט פון מיר. ווייל „דארט" אז מ׳האט געשמועסט איבער אנ׳ארעמאן — האסטו תיכף געפונען די ריכטיגע דעפיניציאן דערצו און דער „העלד" איז אויפגעשוואומען פאר די אויגען אין זיין גאנצער „הערליכקייט", מיט אלע פיטשיווקעס: צעריסען־און־צעשליסען, הונגעריג און שמוציג; א שטיבל מיט קליינע פענסטערלעך, פארשטאפט מיט שמאטעס אנשטאט שויבען און נאך אן א שיעור קליינע און גרויסע מערקמאלען פון דלות. דא, אין

ארץ ישראל ווידער, קאן אונזער ארעמער העלד זיצען אפילו אין א שיינער שטוב מיט א ראדיא און מיט שעהנע מעבעל — און דאך זיין אנ׳ארעמאן. דעריי־בער זאלט איר זיך נישט איינרעדען, ליעבע פריינד, אז איך קאן אייך צוליב טאן און דערקלערן דעם באגריף „ארעם״ אין ארץ ישראל — דאס וועט זיין סתם־געררעדט, אומפאראנטווארטליך, פון דער לופט געגריפען; דען דא צו־גרונד אנ׳עכטער סאציאלער יסוד, וועלכען מען מוז שטודירען און קאנען, וואס איז וויסענשאפטליך באגרינדעט מיט אנ׳אורזאך און א טעם „מישטיינס־געזאגט״, און צו דער קלאסישער באגרינדונג בין איך נישט אנגעגרייט.

ב״ה, ירושלים, טז אב, תשי״ג

איך געזעגען מיך מיט דעם הייליגען אנבליק פון לאנד

א סך אין ישראל האבען מיר געזאגט, דאס איך האב אין די פאר חדשים מער געזעהן ווי זיי אין די אלע יארן. און ס׳איז אויך נאטירליך: דער וואס וואהנט דארט האט צייט — אז נישט היינט — איז מארגען — וואס באדארף ער זיך איילען און נעמען אנקוקען דאס לאנד, א מעהר האט ער דאס ביי זיך אין „קע־שענע״, זעהט דאס וועט ער וויל און באוואונדערט דאס, קוים גלוסט זיך אים אן. איך, אז איך טוה א קוק אויף דער שיפסקארט, כאפ א קלער אין דער „רפואה וחיים״ וואס ליידעט — מוז איך אפכאפען. אצינד געה און כאפ אפ די איינדרוקען פון א לאנד וואס מען לעכצט שוין נאך אים ביי די צוויי טויזענד יאר; שלינג אראפ דעם זיסען טעם וואס ליגט אין דעם „ווידערזעהן״ נאך אזא לאנגער מארטיראלאגיע דורך וועלכער מען האט געווארט און — זיך אויסגעווארט. געה און פארשווייג די בלויקייט פון הימעל און ים מיט וועלכע דאס לענדל איז רייכ־ליך באשענקט, פרואוו און דערצייל נישט די רייכע פארעם־באשרייבונג פון „יעקב׳ס ארבטייל״; רעד נישט, חלילה, א ווארט ארויפקוקענדיג צו די צאלרייכע דערהויבונגען מיט די גראציעזע פארטיפונגען פון גליל־בערג; מאך זיך נישט וויסענדיג אנקוקענדיג די מורא׳דיג־פראכטפולע פעלזענבערג פון נגב און די היילען־רייכע קאלעכבערג פון יהודה; פארמאך דיין מויל דערזעהנדיג דעם צויבער וואס כאפט דיך אן שטייענדיג אויף א באלקאן פון איינעם פון די פירשט־ליכע ווילאס אויפ׳ן כרמל און דו זעהסט פאר דיינע פיס אויסגעשפרייט, ווי אויף א טעפיך דעם גאנצען נערדליכען טייל פון לאנד; געה און ברייננג נישט צום אויסדרוק דיין עמפינדען אין דער נישט זאגבארער איבערראשונג איבער דער

נישט דערקאנבארער פארענדערונג וואס ס׳האט דא געטראפען זייט די דרייסיג יאר פון ווען איך בין אהער אלס ערשטע „חלוצה״ פון מיין געגענד אנגע־קומען... איך מוז זיך דא אפשטעלען כדי מיינע טיפע עמפינדונגען מיט מיין מאנגעלהאפטען צייכענונגס־פארמעגען נישט צו פארווישען. איך לאז דערפאר דאס נישטגעזאגטע איבער, איינגעפאקט אין א ווארעמער צורעדען: אלעס צו טאן — און פארען אליין זעהן, הערן און פיהלען, דאן וועט איר ווי־סען צו באטראכטען וואס איר האט נאך אויפצוטאן אויף אייער וועלטל און דעם קורצען לעבען ערשט אנהויבען געבען אנ׳אינהאלט.

דער מוסר־השכל פון מיין ארץ־ישראל־רייזע

פון דעם אלעמען האב איך א סך געלערנט, גאר א סך — אזויפיעל, אז איך וויס ממש נישט איבער וועלכען צו שטודירען און דאס אנזעהן פאר דעם וויכטיגסטען, אזוי אז איך זאל מיט פארלעסליכקייט קאנען באהויפטען: אט דאס איז עס וועלכעס מוז מיך, דיך, אים, און יעדען באשעפטיגען. ס׳איז דאך, מיינע פריינדע, עפעס געשעהן! ווי זענען מיר דאס אויף דער וועלט, מיר לעבען אין א צייט פון גרויסען „זכות״, מיר האבען דערלעבט צו זעהן דעם אנהויב פון דער גאולה; דערגרייכט דאס וואס גרעסערע און בעסערע פון אונז האבען נישט זוכה געוועזען... און מיר קאנען אזוי טרוקען, אזוי ניכטער איבער דעם צו דער טאגאארדענונג אריבערגעהן. מיר דארפען דאך אויס דער הויט שפרינגען נישט רוהן, טאהן, ווירקען, פועל׳ען, פארהעלפען און צוהעלפען דורך ווארט און טאהט, פרייוויליגקייט, ארבעט, שפענדען, באשטייערונגען — יא: דעם אייגענעם גוף־און־נשמה אוועק געבען פאר דעם גרויסען נאציאנאלען אידישען ווערק וואס שאפט זיך פאר אונזערע אויגען און מיר טראגען אזוי וויניג ביי דערצו. דאס קול פון ציון באדארף דאך אריינדרינגען אין די אידישע הייזער פון אלע עקען וועלט, אנגעהויבען פון די פאלאצען ביז ארעמסטע שטיבלעך; אריין אין די מוחות, באריהרען די הערצער, אויפטרייסלען די נשמות, דערשיטערן דאס לייב־און־לעבן און אין אים אויפקאכען דאס דם־התמצית ביז צום זעלבסט־פארגעסען, אז יעדער איד זאל גרייט ווערן צו דער טייערסטער און קאסטשפי־ליגסטער לייסטונג פאר דעם קליינעם, טייערן און שווערדערווארבענעם לענדל ביי דעם אסט־ברעג פון מעדיטעראנישען ים, וועלכעס ווערט דערהאלטען ביים לעבען דורך א קליינעם טייל פון אונזער פאלק, אבער די מוטיגסטע און בעסטע

זיך און טעכטער וואס אונזער געליטענע פאלק האט אמאל ווען נאר געקאנט ארויסגעבען. יעדער איינער פון זיי האט געקאנט גענוג „קלוג" זיין און זיך געפינען, ווי מיר, אין איינעם פון די „גאלדענע" לענדער און נאר זיך אין זין האבען, „מאכען א לעבען" און זארגען פאר זיין טאש... זיי אבער טוהען דאס נישט, נאר זיצען אונטער די שווערסטע באדינגונגען — אין יעדער הינזיכט — אין אונזער אלט-נייעם לאנד, מוטשען זיך אויפצוטרייבען דאס שטיקל ברויט, היטען דאס לאנד קעגען פארביסענע שונאים און דערהאלטען אונז דאס צוגעזאגטע ירושה — טייל פון אונזערע אבות. און נישט איינמאל פרעג איך זיך: זענען זיי, אונזערע ברידער און שוועסטער, דען מעהר מחויב צו טאן פאר דער היסטאריע ווי מיר?! איז דען דער פאקט מיט'ן רבונו־של־עולם נאר דורך זייערע הענד געחתמ'עט געווארען? וואס איז אונזער חלק אין דערדאזיגער היסטארישער אקציאן? זיי זענען דאך מלאכים, אויב מיר באטראכטען זיך פאר מענשען, זיי גיבען זייער זיכערקייט, זייער לעבען — און פון אונז פארלאנגען זיי בלויז די מאטעריעל מיטלען וועלכע דארפען זיי פארהעלפען צום אויספירען זייער־אונזער ציעל — טא, גיבען מיר זיי אלעס זיי דארפען? זענען מיר, אמעריקאנער אידען געוואקסען דעם גרויסען מאמענט? פארשטייען מיר דעם ווערט פון דער שעה?!

מיר דאכט זיך איך וויים וואס צו טאהן

אז איך ווער פארפאלען אין דידאזיגע געדאנקען וואס קאנען מיך פירען צום פארצווייפעלטען שוויגען (דען ווי איז דען מעגליך עפעס צו טאן — ווען דער תהום איז אזוי גרויס צווישען אונז און זיי) וואזשע טו איך, איך נעם און דערמאן זיך א מעשה מיט א קעניג, אין דער אלטער צייט וואס איז דורך געפארען זיינע מדינות און איבעראל, ווי דער שטייגער איז, עמפאנגען געווארען מיט טייערע מתנות. אין א טאג איז ער מיט זיין סוויטע פארבייגעפארען א לאנדגעגענד און האט זיך אפגעשטעלט ביי א וואסערל. א פאסטוך וואס האט נישט ווייט געפאשעט זיינע שעפעלאך האט דערזעהן דעם קעניג, איז אים א קעגען געלאפען כבוד אנטאהן, נאר ער האט זיך צו שפעט געכאפט דאס ער האט נישט מיט זיך קיין שום מתנה פאר אים. נאר זייענדיג אין טייכעל איז ער געקומען אויף אנ'אידעע: ער האט פארפלאכטען זיינע הענד אין א זשמעניע, אנגעשעפט פול מיט וואסער און דאס אונטערגעטראגן דעם מלך צום מויל אלס מתנה. צום שטוינען פון אלע זיינע הויפסלייט האט דער קעניג זיך צוגעבויגען צום פאסטוך'ס־

הענד און — געגומען טרינקען... דען דער אויפריכטיגער ווילען איז פון פאר די אויגען פון קעניג נישט געוועזן פארהוילען. דער „נמשל״ וועט אונז באלד פארשטענדליך ווערן אז איך וועל באהויפטען דאס די גרויסע פאראנטווארטונג לגבי דעם לאנד דארף נישט אפשרעקען פון צו טאן קלענערע פעולות, צוגעפאסט דעם כלל פון אונזערע חכמים אין פרקי אבות, ווי זאגט דאס דארטען, דאכט זיך מיר רבי טרפון, „נישט דו מוזסט די ארבעט דערענדיגען — דו ביסט אבער אויך נישט פטור פון איר זיך אפצוזאגען...״ קיינער פון אונז מוז נישט ווארטען ביז מען וועט אים דערצו צוטרייבען, נאר אליין נעמען די איניציאטיווע אין זיין האנד — דעם אדרעס וועט מען שוין געפינען. און טאקע דערפאר בין איך שטאלץ דארויף וואס מיר קאנען אנווייזען אויף א שיינעם חלק סאציאלערביישטייער וואס די „רפואה וחיים״ האט אין די פאר יאר פאר א סך ישראל בירגער געלייסטעט — ווי איך האב דאס שוין פריער באשריבען.

איר אידישע ברידער פון אנגלא־סאקסישען און לאטייניששען אמעריקע, אוסטראליע און אפריקע, אייראפע און פון דער גארער גרויסער וועלט וואו איר זענט דאס אויף איר צושפרייט, קוקט נישט אויף די אומצעהליגע געלד־אקציאנען פאר ישראל ווי אויף אנ׳אנשיקעניש און אפקומעניש פון וועלכען איר קאנט אייך נישט אפטרייסלען און אפזאגען! נייערט באטראכט דאס אלס א ריינע אידיש־נאציאנאלע פליכט, ווי א עהרען־אקט וואס דארף שטעהן נאהנט צו אייער הארץ און דאס דערפילען מיט שטאלץ און זעלבסטבאוואוסטזיין, דאס וויכטיג מאכען ווי דאס לעבען אליין — דען ישראל איז אויך אייער לעבען. יעדער אנשטאלט וועלכער שיקט זיינע שלוחים פון ישראל צו אייך — באטראכט אים אלס א לעבענס־נויטוועגדיגקייט און צווייפללאזע וויכטיגקייט — באזונדערס די ישראל־מילווה׳ס וואס זענען געשאפען כדי אויסצוגלייכען דעם יערליכען בודזשעט וועלכער דער־האלט די עקזיסטענץ פון דער מדינה פאר וועלכער מיר האבען שוין צוויי טויזענד יאר טרערען און בלוט פארגאסען. זייט אבער אויך וויסן, דאס צווישען די אלע „געלד־פאדערער״ געפינט זיך אויך — אמת נישט אין ארץ ישראל — אבער אויך פאר ארץ ישראל — אונזער באשיידענער „רפואה־וחיים״, וועלכער וואגט זיך צו באהויפטען דאס זיינע קליינע מתנות וועלכע ער שענקט מיט אויפריכטיגקייט פאר זיין מאיעסטעט, דעם באדערפטיגען ישראל־בירגער איז פון גרויסען ווערטה און וויכטיגען נוצען, אויף וועלכען זיי וועלען נאך א לאנגע צייט נישט קאנען פארציכטען. וועט איר פארגרעסערן זיין מעמבער־קרייז און פארמעהרען די געלד־

סומען פון אונזער ארגאניזאציע דאן וועט איר ווינציגער מאכען דאס ליידען פון יענע וואס האבען זיך נאכנישט ערהאלט פון דעם גרויסען נאציאנאלען אומגליק, פארקלענערען דאם וויטאג פון קראנקע וואס קאנען נישט קויפען די נויטיגע רפואות — און דערפרייען פון צייט־צו־צייט די הונדערטער משפחות, וואס קוקען ארויס אויף א פעקל עסענווארג, קליידער, א סקריפ אויף א יום־טוב או. ד. ג., און אין זכות פון צדקה, וואס דורך איר, ווי אונזערע חכמים זאגען, וועט ירושלים ווערן אויסגעלייזט וועט השי״ת העלפען אייך און זיי — ער, ברוך הוא, וועט ווידער אנהויבען ווייזען זיין פנים פאר זיין אויסדערוועהלט פאלק און זיין געליבט לאנד און דאס באזארגען מיט אלדאס גוטס, ווי אין דער אלטער־גוטער צייט — ווען קיין נויט און קיין שונא וועט נישט מעהר האבען קיין שליטה אויף אונז, און באנייען וועט הקב״ה אונזערע טעג ווי פריהער, אמן!

# פארכאפּט א באזוך אין מײַן געװעזענער הײם...

מײַן מאַראַמאַרישע װיעג

פאר א גרויסן זכות און השגחה פּרטית האלט איך מײַן ערשטן (און — לײדער — אײנציגען) באזוך — די רײזע פון אמעריקע אין יאהר 1938 אין מײַן געבורט־סלאנד מאראמורש מיט די באנאכבארטע קאמיטאטען : דאס װאונדערפולע קארפּאטען געביט, זיבעבנבירגען, סאטמארער־געגענד און נאך פיעלע אנדערע פּרעכטיגע, מיט נאטור־װאונדער רײך פארציערטע לאנדשאפטען — װעלכע זענען װי באשאפן געװארען אויף צו זײַן די װיג פון א חסידיש־רבי׳שער אימפּעריע — אין װעלכער ס׳האבען „געקיניגט״ די מלכים־רביים אין גרויסע רײען פון צדיקים־דינאסטיעס איבער זײערע „אונטערטאנען״ — די טויזענטער חסידים. זײ די חסידים װעלכע האבן נישט געװאוסט — און נישט געװאלט װיסן, פון פּאלקס אפּמאכען איבער שטחים פארטײלונג, נישט געװאלט הערן איבער א פּאליטישער גרעניץ אין געשטאלט פון א באװאלדעטן בארג אדער א רוהיג־זיך־ציהענדיגען טײך פאר װעלכע ס׳איז פּלוצים אנגעזאגט געװארן א מלוכה׳שע בשורה: זײט װיסן, איהר מעכטיגע קינדער פון דער געטליכער נאטור, דאס איהר זענט באטרויעט געװארן מיט דער פאראנטװארטליכסטער ראלע צו זײַן די היטער פון אונזערע לענדער — איהר זענט פון הײנט אן און װײַטער גרעניצן ! טאמער האבן דאס נישט דערשפּירט די גוים אין זײער פארטעמפּטער נארישער לענדערפארטײלונג װאס זײ האבן עס דא אפּגעטאן־זײ, אבער די אידישע באװאהנער פון יענע קארפּאטען־לענדער זענען מיט אמאל אפּגעריסן געװארען פון זײערע צעשפּרײטע משפּחה־צװײגען, די חסידים פון זײערע אמת׳ע קעניגע — פון זײערע רבי׳ס, דען דער טעראריסטישער שאס אויפ׳ן קעניגליכן פאר אין סאראיעװע האט נישט נאר די עסטרײך־אונגארישע מאנא־רכיע צוברעקעלט, נאר אויך צענומען און צעשפּרײט דעם אידישן קבוץ װעלכער האט דא געפונען צוריק מיט א צװײהונדערט יאר זײַן הײם אין װעלכער ער האט אנגעהויבן אויפבויען א נײַ אידיש לעבן, געזונדערט אין זײַן אײגענארט. די אידן פון צפון־מערב באלקאן, װיבאלד זײ זענען נאר ארײנגעצװיגען געװארען אין די אויפגעטײלטע לענדער פון רומעניע, טשעכאסלאװאקײ, אונגארען און יוגאס־

לאוויע, האבען תיכף באשלאסען נישט זיך אבצוגעפינען מיט דער ארויפגעצוואונגע־נער דערוויטערונג. דער מיט געוואלד אפגעשוואכטער קאנטאקט מיט זייערע פאריגע ברידער האט מיט דער צייט אויסגעארטעט אין אנ׳אינערליכער נאך ענגערער זעלישער פארבינדונג צווישען די „געזעצליך־אויפגעטיילטע״ אידן וועלכע האבן מיט דער צייט איינגעזעהן אז דאס הויך־און־שמאלע פיערעקיגע און קרום־געשטרייפטע בודקאלע בייביידע זייטן פון א בריק, וואס באצייכענט כלומר׳שט די מחיצה צווישן צוויי טעריטאריעס דערפאר ווייל זייערע שפראכען זענען פארשידען פון איינאנדער — האט פאר זיי קיינע גרויסע באדייטונג.

אידן אנערקענען נישט די גרעניץ

א סך מיטלען זענען אנגעווענדעט געווארען דעמאלט כדי צו דערהאלטען יענעם גייסטיגען אחדות מיט וועלכע דאס קארפאטן־אידנטום האט זיך פון תמיד אויסגעצייכענט. ווי קאן־מען דען דאס ברענגען אויפ׳ן געדאנק אפילו אויפצו־געבן דאס אפטע זעהן־זיך אין די ברייטע סאלאשן ביי א יום־טוב׳דיגער געלע־גענהייט, ביי א שמחה, צו, ח״ו ביי אנ׳אומגליק — מ׳זאל באהיט און באשירמעט ווערן — וואוהין מ׳איז געקומען און געפונען טרייסט און דערמוטיגונג, הילף און עצות, פאטערליכע ווארעמקייט און מוטערליכע ליבע?! די תמימות׳דיגע אידן וואס זענען נישט אימשטאנד געוועזן עובר צו זיין אויף א פינטעלע, יוד׳ — זענען שפעטער פייאיג געוועזן צו געפינען די ראפינירסטע דרכים ארומצו־געהן די גויי׳שע „מויערען״ — אבי נאר אויפצודערהאלטען די איינציגקייט. אנגעהויבען האט דאס מיט דער הייליגער בענקשאפט צום „גוטן איד״ — צום רבי, אריבערגעגאנגען אין וואכענדיגע ענינים וואס האבן אנגענומען א מסחרישן כאראקטער וועלכער האט דערנעהרט הונדערטע — און אפשר טויזענטע — פון ארימע משפחות אין דער מאראמארישער זייט, און געענדיגט האט דאס מיט ענגער מחותנ׳ישער באציהונג פון ביידע זייטן פון דער „טייס״.

ליידער צוריק פאראייניגט...

מיט קונצן אויפגעהאלטענעם קאנטאקט אין משך פון 25 יאר איז געקומען צו „הילף״ דער וויענער אפמאך פון יאר 1939: און די אור־אייניקלעך פון דער ווילדער און מערדערישער מאנגאלישער הארדע — די אונגארן — האבן צוריק־געבראכט די צעטיילטע אידן אונטער איין דאך: אין קורצער צייט פון אומענשליכן

טעראר. אבער רעכט באגעגענט האבן זיך די צו איינאנדער פארבענקטע אסט־רייכישע־אונגארישע אידן אין די טרויעריג־בארימטע געטאס, אין די צונויפגעשטאפטע לאנגע באן־עשאלאנען, אין די גרויזאמע ארבעטסלאגערן פון נאצישן דייטשלאנד, און צו לעצט — פאר די הייסע ווענד פון די קאלעכ־אויוונס פון אויסשוויץ... אזוי האבן די אונגארישע חוליגאנעס בייגעטראגען צו מקוים ווערן פון פסוק אויף יענע טייערע אידן, וואס זייערס גלייכען איז מער נישטא: „הנאהבים והנעימים בחייהם — ובמותם לא נפרדו...״ (די וואס האבן זיך ליב געהאט און אנגענעהם געוועזן ביים לעבן — האבן זיך אין טויט נישט אפגעטיילט...).

אנשטאט אן אידיליע — א הספד...

אזוי בין איך שילדערנדיג מיין היים פארפארן אין א טרויעריג געמיט. אנשטאט צו באשרייבן זייער שעהן, פרום — אידיש לעבן — דערפיל איך דעם ראל פון א קלאג־אידענע... היינט זענען די קארפאטישע טאלן, א שטומער ברייטער בית עולם פאר אן אפגעלאפען לעבן וואס איז נישט לאנג אונטערבראכען געווארן דורך מענשן־חיות; די קארפאטישע בערג — אנאייביגע — ריזיגע מצבה פאר די רוהיגע באשעפענישן וועלכע האבן זיך ביי זייערע פיס ארומגעבאמבעלט און אין זייער שאטן געפונען רוה, גלויבן, האפענונג און א וועג צו זייער באשעפער בעת זייער קורצען לעבן אויף דער וועלט... דער זומער 1943 האט אראפגעלאזט דעם „גולל־ברעט״ אויפ׳ן נישט געפונענעם קבר פון א האלבער מיליאן קארפאטישע אידן...

דער פלאץ פון באשיידענקייט

דעמאלט, אין יענע גוטע צייטן (מישטיינס געזאגט... אוודאי, אין אמעריקאנישן באגריף איז אזא מאטעריאליש לעבן ווייניג גוט — נאר ווער פרוואוט זיך דאס מיט זיי צו פארמעסטן) האט זיך דא געפיהרט א שטיל צנוע׳דיג לעבן, צוגעפאסט צו דער אנטציקענדער לאנדשאפט וואס דער באשעפער האט באוויליגט פאר דעם ווינקל־שוין דערפאר ווייל דארט האבן געדארפט פארברייינגען א פאר יאר זיינע טרייעסטע זין און איבערגעגעבנסטע קנעכט — און דווקא פאר׳ן ארעמסטן חלק פון זיין פאלק ישראל האט ער צוגעטיילט די מיט רייכבאשענקטע נאטורשיינקייטן: „דער טוי פון הימל און די פעטיקייט פון דער ערד...״ די ברכה וואס אויך עשו׳ס לאנד האט באקומען, איז געגנוג געוועזן אויף צו באפרידיגן די פאר טייערע

אידן וואס זענען געוועזן שמחים בחלקם, באנוגענט זיך מיט ווייניג און תמיד צופרידן געוועזן מיט זייער גורל. איי ס׳האט אים אמאל געפעהלט צום „אנבייסן״, נישט דערגאנגען צום „וואָרעמעס״ און געמוזט אמאל פארציכטן אויף א גאנצער „וועטשערע״־דער־פאר איז ער דאך א איד און האט געלערנט אז דער עיקר איז נישט דער גוף, ס׳איז אויך א נשמה אין אים פארהאן — וואס פארלאנגט גאר אנדערע שפייזן — און פון דעם סארט נעהרונגסמיטל האט ער דווקא גענוג. וואזשעט איז דערביי אז עס דערגעהט נישט דאס שטיקל ברויט — נא איז אויס וועלט?! האט ער, ברוך הוא דען נישט אנגעשריבן אז „נישט נאר אויפ׳ן ברויט טוט לעבן דער מענטש...״! און וואו שטייט דאס געשריבען אז מען מוז עסן דריי מאל א טאג?! דריי מאל דאווענען — דאס האבן יענע זעלטענע אידן געלערנט אז מען מוז; לערנען און עוסק־זיין אין דער תורה — אויף דעם האט מען באפוילן — און טאמער באפוילן־איז מען מקיים.

בטחון ביז מסירות נפש

דעם אמת געזאגט, די אידן דארט האבן פארשטאנען גוט אז ס׳פעהלט זיי עפעס אויף וועלכע מען האט א רעכט, דען נאך ווען דער זיידע־יעקב האט פעסט־געהאלטן זיין ברודער, דעם „תכשיט״ עשו ביי דעם פערז האט ער אים געגעבן דערמיט אנצוהערן אז ער, יעקב, פארציכטעט נישט אין גאנצען אויף דעם „עולם־הזה״ צוליב אים; טא פארוואזשע קומט זיי נישט עפעס מעהר?! בפרט נאך אז א סך פון די מאראמארישער אידן האבן זיך געלעבט ווי די גראפן אין עושר און אין כבוד... דאס איז שוין ווידער אנ׳אנדער זאך. אויף דעם איז א איד א מאמין אין דעם־וואס־אייביג־לעבט, א בעל־בטחון: געהאפט האט דארט דער איד אויף — ג־ט׳ס־הילף — ווי נאר מען קאן זיך דאס פארשטעלען. מען האט געווארט אויף א בעסערער צייט — דאס איז איינמאל זיכער. אויף ווי ווייט די גרויסע מדה פון בטחון איז ביי זיי געוועזן אויסגעפרעגט און אנטוויקלט — איז צו זעהן דערפון וואס גייענדיג אין די געטאס האבן פיעלע פון די אידן נישט אנגענומען דאס ווארענען און די עצות פון גוטע גויים זיך אויסצובאהאלטען ביי זיי בשעת דער נאצישער ליקווידירונג — און געגאנגען זייער וועג פון וואו זיי זענען מעהר נישט צוריקגעקומען. ווען איך האב יענע געגענד באזוכט האב איך אנגעטראפן זיי אין דעם נאטירליכסטען גאנג פון שאפן און ווירקן. דאס לעבן האט

זיך געפיהרט נארמאל; מען האט נישט אויפגעבראכט קיין סימן אפילו פון קלערן אויף דעם וואס ס'קאן קומען און — וואס ס'איז —ליידער אזוי אומדערבארעמדיג געקומען...

די פרויען — די דערציהערס פון דור

וואו נאר א טאל אין וועלכען ס'שלענגעלט זיך א רוישענדיג וואסערל און ס'שפיגעלט זיך אין אים אפ הימל — און־ערד — דארט האב איך אנגעטראפן פארזייעט מיט אידישע הייזלעך פון צווישן וועלכע ס'האבן, ווי דער שטייגער איז, ארויסגעהויבן זיך די בתי מדרשים, בשעת די גויי'שע וואהנערטער זענען געווען צעשפרייט אויף די ארומיגע בערגלעך (עשו לעבט אן האפנונג — לאזט ער זיך איבער א לעבענסרוים ארום זיין שטוב...) די אידלעך פלעגען ארויסגעהן יעדן טאג אויף דער גאס צו פארדינען זייער ברויט — א סך פון זיי האבן קיינמאל נישט געוואוסט אפילו אויף וועלכען וועג זיי דארפען באציען זייער חיונה — דער בטחון אז דער אויבערשטער וועלכער „שפייזט און נעהרט פון די הערנער פון א ווילדן ביז צו א מילב..." — וועט מיך אויך שפייזען — האט באגלייט יעדן טאטע ביים זוכען זיין פרנסה — און מ'איז טאקע פאר הונגער כמעט נישט געשטארבן. די טיפבאטיכלטע ווייבער און מוטער וואס זענען געווען אנ'אומטייל־בארער חלק פון דער שטוב — האבן געבילדעט דעם אומענטבערליכן דערציהער פונ'ם אידישען דור, וועלכער איז אויפגעוואקסען דערנאך גלייך ווי דער פאריגער — נישט פארפעהלט א האר אפילו. אין יענע יארן האבן זיך אפילו שוין דא און דארט באוויזען אין די הענט פון די שענע צנועה'דיגע טעכטער פרעמדע ביכלעך. די „צאינה־וראינה" האט שוין נישט מעהר אויסגעפילט יענעם ראל פון אמאל אין דער ווייבערשער בילדונג; דאס איז געקומען אלס א נויטוועגדיגקייט און פראטעסט קעגן די מענער וואס האבן זיך די גאנצע תורה גענומען פאר זיך און זיי, די פרויען, צוגערוימט א גאר קליינעם טייל פון מענשליכען וויסן. דאס האט אבער נישט משפיע געווען אויפ'ן צוריקגעצויגענעם און פארשלאסען לעבן און באנעמען, ווי עס פאסט פאר א אידישער טאכטער.

תורה און... ארעמקייט

אנגעטראפן האב איך אין כמעט יעדן שטעטל א ישיבה, וואו מ'האט מיט אויסערגעוועגליכן פלייס געלערנט. געלערנט גמרא מיט תוספות, יורה־דעה,

אורח־חיים און ספרי מוסר. בחורים האבן געגעסן „טעג", מייסטענס געהונגערט — און וואס מעהר געלערנט. די „סטודענטן" פון יענע „הייסקולס" האבן זיך שוין געגעבן צו דערקענען מיט זייערער באזונדערער קליידונג. פארטיפעפט אין מחשבות, קרייזלענדיג זייערע לאנג געלאקטע פיאות (טיפן וואס מען קאן זיי היינט נאך זעהן אין מאה־שערים פון ירושלים, אין בני ברק און אויך אין ברוקלין פון ניו־יארק) א וועלט פאר זיך האב איך געזעהן מארמורעש נאך צעהן יאר אויפענ־טהאלט אין וואכעדיגן אמעריקע.

מיין משפחה אין דחקות

מיין מאמע בלומע די שוחט'קע ע"ה, אנ'אמת'ע צדיקת מיט איהר אייביגן שמייכל, מענשנפריינדליכן קוק און רוהיג — איבערלעגטן און קלוגען רעדן — איז מיר פארגעקומען ווי א געשטאלט פון תנ"ך. ביי די קינדער פון מיינע צאל־רייכע שוועסטער וואס כ'האב שוין נישט אנגעטראפן ליידער, איז אויסער אידיש־קייט גארנישט געווען. ביי מיין איבערהויפט קלוגען שוואגער ר' וואלף שטיין, דער חכם פון שטעטל בארשע, דער מאן פון מיין יונג־פארשטארבענע עלטערע שוועסטער ראכיל, האב איך געפונען א שטוב מיט אומבאהאלפענע קינדער, כאוועג־דיג זיך, אן א מאמע, אין גרויסער ארעמקייט און אין דחקות; דאס איז פאר מיר נישט געווען קיין נייעס. גרויס איז ערשט געווען מיין ווייטאג וואס איך קאן זיי נישט העלפן, די ארעמע מאראמארישע ברידער און שוועסטער. ס'איז איבעריג צו זאגן אז צוריק קיין אמעריקא בין איך געפארן כמעט „באקעט און בארוועס" — יא, דעם אמת געזאגט האב איך אויסער דער שיפסקארט וואס כ'האב געהאט, מיר געליגן געלד אויף שפעזן...

באזוך אויפ'ן בארשער בית עלמין

אז מיין ערשטער באזוך האט געגאלטן די לעבעדיגע קרובים, פריינד, באקאנטע און אומבאקאנטע, אזוי איז מיין צווייטער — און לעצטער באזוך — געווידמעט געווארן פאר'ן פארגאנגענעם דור וועלכער האט איינגעפיהרט אט יענעס ספעציפישע לעבן אין דעמדאזיגען שענעם ערדווינקל. אויף זיין עקזיסטענץ האבן עדות געזאגט די הונדערטע פון רייען האלב איינגעפאלענע, מיט מאכבאדעקטע און פארוואקסענע טונקלגרויע מצבות — אין שטיי פאר'ן קבר פון מיין פאטער ע"ה, ר' גדלי' שטיינמעץ, דער פינפטער שוחט אין בארשע זייט אידיש לעבן האט

אנגעהויבען ווייזען זיך אין שטעטל בארשע. כ׳בין נישט אומשטאנד צו באשרייבען מיינע געפיהלען פון יענער שעה... איך זוך און געפין די ווייטערדיגע קברים פון מיינע נאענטע, מיט דער הילף פון דעם שמש „אברם דעם טויבען״ (אזוי הייסט ער און איהר וועט אים ביי אנ׳אנדערן נאמען נישט באקומען). אברם איז אזא מומחה אין אריענטאציע אויף דעם בארשער צווייטן „בית עלמין״ אין געפינען קברים — אפילו פון פאר א גאנצען יארהונדערט, ווי א געניטער ארכעאלאג ביי זיינע אויסגראבונגען פון פאר 5 טויזענד יאר — איבערגעקערטערהייט מיט׳ן רוקן ארויף דערקענט ער די מצבות און זאגט אייך אן דעם נאמען מיט׳ן דאטום אפילו נישט געלעזן צו האבען.

פון „בית החיים״ צו די לעבעדיגע...

נישט בכוונה פארבויג איך מיין פנים פון די שטומע שטיינערנע עדות פון אמאליגען לעבן וואס האט דארט אונטען, פון יענער זייט טייכל וועלכעס רינגעלט ארום דאס בית־עולם בערגל, נישט פון לאנג זיך אפגעשפיעלט — און פאר מיין געזיכט דערשיינט א ליכטיגער, ברייטער טאל, איינגעראמט איז ער פון פיעלארטיגע און פיעלפארביגע בערג, דורכגעשניטן פון טייכלעך און סטעטש־קעס, באשפריצט מיט געארדנטע און צעשפרייטע הייזלעך, באציערט מיט גרינע גערטענער און געלע ליעוואדעס, דורכגעלייטערט פון א ריינער דערקוויקנדיגער לופט און באדעקט מיט א העלער בלויקייט פון א ווייטען הימל וואס איז באצירט מיט שטיקלעך וואלקען וועלכע אנטלויפען פאר דער ארומשפרייזענדיגער זון: בארשע מיט איהר גאנצער פראכט ליגט מיר צופוסענס... איך קאן זי אצינד באטראכטען פון אויבען אראפ. פונם „פארזאמלונגס הויז פאר אלע לעבעדיגע״ קוק איך אויפ׳ן זאמעלפלאץ פון א פאר לעבעדיגע — און אנ׳אנדער געמיט באפאלט מיך. מיט אראפגעלאזענעם קאפ, געזעגן איך זיך פון מיינע אנדענק טייערע און ווענד זיך צום טויער׳ל פון בית־עולם־־בערגל. איך נידער אראפ אויף דעם שווערצוגאנגבארן שטעגל וואס פארבינדט די טויטע מיט די לעבעדיגע, א צענומענע פארכליפעטע און אויסגעווייינטע.

דער שיינער גארטן... פון בעש״ט

וואס מעהר איך דערווייטער זיך פון די הייליגע נשמות ווער איך באפאלען פון א נייעם רצון צום לעבן און שאפן כדי נישט צו פארברייגען די געציילטע

יארן אומזיסט. מײן הארץ דערקוויקט זיך פון דאסניי מיט דער געטליכער שײנקײט וואס געוועלטיגט דארט אומטן — און איך דערמאן זיך וואס מען דערציילט זיך צווישן א סך מעשות אז „אמאל איז דער בעל־שם־טוב, ביי זײנע שפאצירגענג אין די קארפאטישע וועלדער, אנגעקומען אויף די פוילישע בערג וואס ביי זײערע פיס ליגט אויסגעשטרעקט דער פרעכטיגער מאראמארעשער טאל. דער צדיק האט זיך פארשטענדניספול געוועגדעט — זאגט ווייטער די חסידישע אגדה — צו זײנע מקורבים, אנווײזנדיג מיט דער האנד אויף דער ברײטער געגענד: — גיט אכטונג אויף דעם גארטן, מײנע קינדער! — די חסידים האבן דעם הייליגן רמז אויסגעטײטשט אויפן רבי׳ס ווילן אין דעם טאל אײנצופלאנצן זײן תורה — דעם חסידיזם. און אזוי איז דעם בעל־שם־טוב׳ס באפעהל פינקטליך אויסגעפילט געווארן: מאראמורעש איז שפעטער געווארן די פעסטונג פון א סך חסידישע ליניען וואס אײנע פון זיי איז דער „וויזשניץ־בארשער״ צווײג, וועלכער ציילט נאך היינט, שוין נאכ׳ן גרויסען אומגליק א שײנע צאל חסידישע אנהענגער. נאר מא־ראמארעש אליין האט, לײדער, אויפגעהערט צו זײן דעם הײליגן בעל שם טוב׳ס גארטן... ווי בענק איך נאך דיר, מײנע ליעבע אידישע מאראמורעשער הײם!

צוריק קײן אמעריקא

ווער איז דען דאס אומשטאנד צו באגרײפען דעם געמיט פון אײנעם וואס איבערלעבט אזעלכע גליקליכע מאמענטן אין אונזער אלט־נײעם פאטערלאנד ישראל — און וואס זעט זיך פלוצים פאר דעם נישט געווינשטן פאקט אז ער מוז אלעס איבערלאזען און באשליסן אפצורײזען א־הײם צום טומעלדיגען אמעריקא צו דער טאגטעגליכער ארבעט. אומעגליך זעט דאס מיר אויס צו באשרײבן דעם געוואלדיגן אפרײס פון אזא גײסטיגער איבערלעבעניש און דאס מיט אמאל איבערצוגעהן צום וואכעדיגן, פראפאנען און ערדישען לעבן וואס שטעלט דיך אנידער אויף דײנע מענשליכע פיס צוריק אויף דער זינדיגער ערד. אט אזוינע צעבראכענע און נישט געארדענטע געדאנקען זענען מיר אויפגעשטיגען אין זינען ב־שעת איך האב זיך דערזען אויפן לופטפעלד פון לוד אין מיטן רעש פון די רוישענדע מאטארן אין די ריזיגע באפליגעלטע מאשינען וואס הײסן עראפלאנען און ארומגעריג־געלט מיט צענדליגער קרובים, גוטע פרײנד, באקאנטע און אײגענע וואס זענען געקו־מען מיך באגלײטן אויף מײן לופט־וועג קײן אמעריקא. דאס אויטא וואס האט מיך אהער געפירט האט מיר נאך גארנישט געזאגט פון מײן באלדיגען געוואלדיגען

פון „קודש לחול״ אפריים. איך בין נאך אלץ געוועזן צווישן די מייניגע, אבער שטייענדיג אין תור, אין דער ריי, הייסט דאס, פאר דעם לייטער וואס פירט מיך ארויף איבער די וואלקענס און זעענדיג מיינע ליבע קינדער: מיין איינציגן זון יהוסף גדלי׳ און זיין זיס יונג ווייבל סימקה׳לע וועלכע איך לאז דא און — ווער וויס ווען כ׳וועל זיי זען — דעמאלט האב איך פארשטאנען אז די זאך איז ערנסט און האב זיך אנגעהויבן געבן רעכנשאפט. א דאנק דעם מענשנשטראם וואס האט זיך געצויגן צום פלוגפלאץ האב איך זיך געקאנט לייסטען צו־געהן מיט דעם רוקן פאראויס כדי צו קאנען ווענדן אין מיינע געציילטע מאמענטען מיינע בליקען צו די טייערע פון וועלכע איך שייד מיך אצינד אויף א לענגערע צייט. נאר די ערשטע לייטערטרעפ האט מיך דערמאנט אז ס׳איז שוין צייט איך זאל זעהן וואוהין איך גיי... און מיט אנ׳איבערפילט הארץ פון געמישטע עמפפינדונגען בין איך אריינ־געפאלן אין דער אפענער טיר פון עראפלאן, דאס וואס מיין מויל האט נישט מער גע־קאנט זאגן האט מיין ווייס טיכעל איבערגענומען און א לאנגע צייט איז דאס געשטא־נען אין באוועגונג איבער דעם רונדן פענצטערל שוין אפילו ווען מיר זיינען געוועזן גאנץ הויך און מיך דערמאנט אויף וועלכער וועלט איך בין עס דאס. דא איז שוין איבערגעגאנגען די ארבעט פון הארץ צו די אויגען וועלכע האבן מיט אים קאנקורס אפגעהאלטען און געוואלט אויפכאפן דאס וואס זיי זעען: הימל, וואלקען, אויבן — אונטן — דאכט זיך נישט ווייט פון באשעפער... דעם צענטרום פון מיין מחשבה נעמט איבער א גוט־באקאנטער פסוק פון א קאפיטל תהילים וואס מיר זאגען דאס יעדן שבת צו פסוקי דזמרה: „השמים מספרים כבוד א־ל ומעשה ידיו מגיד הרקיע״ — די הימלען דערציילען איבער דעם אויבערשטענ׳ס גרויסקייט און פון די ווערק פון זיינע הענד שמועסט דער פירמאמענט... גיי און וויס אז ערשט פליענדיג וועסטו דעם אזוי פיל געזאגטען פסוק ערשט גרונטליך פארשטיין. „אין אומר ואין דברים״ — „נישט רעדנדיג און אן ווערטער״ הערסטו מער ווי אין די אלע יארן וואס דו האסט זיך געדרייט אויף דער ערד... קלער אהין קלער אהער — וואס קומט דערפון ארויס אז מיין „מחשבה״ קלעקט אויף אזוי פיל אין דעם גרויסן באשעפערס וואונדער וואס רופט זיך „ב ר י א ה״ פונקט ווי ס׳קלעקט דער נישטיגער פונקט אין דער לופט, דער פליין, אין וועלכענס בויך איך געפין זיך מיט נאך א פאר צענדליג קליינע מענשליכע באשעפענישן — קעגן איבער דער גרויסער און ברייטער אומענדליכקייט אין וועלכער ער שפרייזט ארום. פון וואו ס׳האט זיך דאס צו מיר גענומען אין מיצקע־דריגען אזוינע,

מעקלומפערשט פילאזאפישע, געדאנקען, בין איך ערשט געוואויר געווארן ווען כ׳האב נישטוועלנדיג דערטאפט א קוק אראפ און דערזען אונטער זיך דאס לאנד פון די אנטיקע פילאזאפן: אונטער אונז רוקט זיך פארביי דאס אינדזל־געביט גריכען־לאנד מיט זיינע וואונדערשענע מאלערישע ארכיפעלאגן און געצאקטע ים־בוכטען... באלד נאך אים קומט צו־גען דער ריזיגער איטאליענישער „שטיוול״ וועלכן דער יוראפישער קאנטינענט האלט געשטרעקט ביי דער דרייעקיגער „קוגל״ — סיצי־ליען מיט איר פוט־באל צו שפילן און וואס ס׳דראט זי אין די ברייטן פון דער מעדיטעראן־סי פארווארפן צו ווערן — און שוין זייט טויזנטער יארן געלינגט דאס אים נישט... מיר נידערן אראפ אין דער שטאט רוים וועלכע לאזט אויף מיר איבער א פריקרע ליידיגן איינדרוק נאך מיין באזוך אין דער פון איר שוין לאנג־באַ־ליידיגטער שוועסטער ירושלים. מיר דערהויבן זיך ווייטער־קומען געפלויגען איבער די שווייצארישע ווייסע אלפן און שפאצירן איבער די בלויע אויגן — די „לייקס״ פון דעם גאטגעבענשטן העלוועצישן גן־עדן לענדל און דערשלאגן זיך ענדליך אן קיין צוריך — א גרויסער איראדראם מיט אומגעציילטע „פליפייגל״ פון דער גארער וועלט נאר ווי מעג איך זיך דערלויבן צו באוואונדערן אז מיר דערהויבן זיך ווייטער און אז מען לאזט דיך נישט אפ אויף דער זינדיגער — אבער אזוי שענער ערד. דאס פלוגשיף פרעגט מיך נישט קיין שאלות און שטעלט זיך אראפ אויך אין פאריז — און ווידער הימל, ערד און וואסער; אט איז ענגלאנד — און נאכאמאל הימל, ערד און וואסער — רבונו של עולם! וויאזוי האסטו דאס אלץ באוויזן צו שאפן אין בלויז זיבן טעג?! — געוואלד! ווער קאן דאס באגרייפען?!! דערצו קומט נאך א תנא פון דער משנה און באהויפטעט אז מיט איין ווארט אפילו א באפעל פון זיין ליבן נאמען, האט דאס געקאנט ווערן, נאר... „כדי צו באשטראפן די רשעים וואס מאכן חרוב אזא שענע וועלט... אוי די רשעים!! דו ווייסט שוין גארנישט וואו זיי געפינען זיך נישט... און כדי צו באצאלן א גוטן שכר פאר די צדיקים וואס זענען מקיים די וועלט...״ א ווארעם און דערקוויקענדיג געפיל כאפט מיך ארום ביי דעם געדאנק קלערנדיג אין די פילע גוטהארציקע אידן וועלכע וואהנען אין אט יענעם לאנגען ערדפאס וואס איך זע אצינד פון דערווייטענס, אין אמעריקא, וועלכע זענען דורך דער „רפואה וחיים״ מקיים א סך נפשות, און מיר ווייסן אז „ווער ס׳דערהאלט איין נפש מישראל — איז ווי גלייך ער דערהאלט א גאנצע וועלט...״ וואויל צו אייך, „רפואה וחיים״־מעמבערס וואס איר דערהאלט נויטבאדערפטיגע ממש ביים חיות מיט די צו־

דער־צייט צוגעשיקטע רפואות און אנדערע פארם פון שטיצע און וואויל צו אייך, אמעריקאנער אידן וועלכע איר שטעהט־ביי אייערע ישראל־ברידער אין יעדער צייט ווען איר ווערט אנגערופן. גרויס איז אייער חלק אין אויפבוי־ווערק און אין אויפלעבן פון אונזער אלט־נייער היים. זייט תמיד גרייט צום רוף פון אונזערע ישראל־ברידער אין אלע הינזיכטן פון הילף, עצה און מעשים. און נעמט איבער דעם דורך מיר צו אייך געשיקטן ווארעמען און אויפריכטיגן גרוס פון אייערע ברידער און שוועסטער אין ארץ ישראל.

מייטע ווערטהיימער, כד אב, תשי״ג

ב״ה, חיפה, כ״ג אב, תשי״ג

נורת מייטע ווערטהיימער פארט צוריק (א בריוו פון ישראל)

ארץ־ישראל ווייסט אין אנהויב פון איר געשיכטע צו דערציילן איבער פרויען־טעטיקייט און איינפלוס אויפן עפענטליך־אידישן לעבן גלייך די מענער, כמעט. אזוי געפינען מיר אין דער וויגצייט פון אידישן פאלק, שרה נעבן איר מאן אברהם אין דער זעלבער נאציאנאל־רעליגיעזער אויפגאבע פארטון: „אברהם מגייר אנשים ושרה מגיירת נשים״ און אויך שפעטער אין די ראלן פון פאטרי־ארכאלן־עברישען לעבן פעלט נישט דער נאמען פון דער אידישער פרוי. דערפאר אבער ביים אנהויב פון דער גרויסער עפאכע ביים דערראבערן דאס לאנד און דער נאציאנאלער איינזידלונג דערשיינט די אידישע פרוי אויף דער אויבערפלאך פון דער היסטאריע א דאנק איר פאליטיש־מיליטערישער ביישטייער; און ס׳ווייזט זיך ארויס א כוונה וואס ווייניגער מיט זיי צו־טאהן צו־האבן אזוי אז מיר קומען אין דער שפעטערדיגער תלמודישער צייט צום אויספיר אז „48 נביאים און — נאר — 7 נביאות זיינען באשערט געוועזן דעם אידישן פאלק״. א חשד ווארפט זיך אויף אז די סיבה פון „פרויענמאנגל״ איז צו געפינען דערין וואס מ׳האט, ווארשיינליך, געמאסטן מיט׳ן מאס פון פאליטישער טעטיגקייט (ווי, למשל, היינט..) וואלט מען אבער אין דער היסטאריע געמאסטן נאך פילאנטראפישען מאס — וויפיל סאציאלע אנשטאלטן ס׳זיינען געגרינדעט און אויסגעהאלטן געווארן, ד. ה. ווען אויפן פלאץ פון „נשים נביאות״ וואלטן דערשינען „נשים צדקניות״ וואלט די צאל פון פרויען מער גרעסער אריבערגעשטיגן די צאל פון מענער.. כדאי זיך צו דערמאנען אין דער אלטער מסורה „בזכות נשים צדקניות נגאלו אבותינו ממצרים״.

צו אט די געדאנקען בין איך געקומען בשעת איך בין געשטאנען אין א הויף־פלאנטער פון איינעם פון די מאה־שערים־געסלעך אין א לאנגן ירושלימער זומערטאג און זיך צוגעקוקט ווי גב׳ מייטע ווערטהיימער, פרעזידענטין פון דעם שוין איצט אין ישראל גוטבאקאנטען „רפואה וחיים״ סאסייעטי, גרייט זיך אבפארן צוריק קיין אמעריקא, ארומגערינגעלט פון אירע אומציילינגע „קליענטן״ מ׳קאן אפילו זאגן „פאציענטן״, דען אויף וויפיל זיי זאלן נישט זיין אויף א רפואה באדערפטיג — פעלט זיי אויס א פעקל שפייז ממש אויף צו דערהאלטן דאס חיות; און דער סוד אז עסן וואס דערהאלט וויטאמינען איז מעדיציניש א סך חשוב׳ער ווי דער וויטאמין אין פילן — איז פאר יעדן באקאנט. צו באשרייבן די איבערגעגעבנהייט און זעלבסטפארגעסן פון גב׳ ווערטהיימער, ביי איר ארבעט, איר „בדחילו ורחימו״ ביים אונטערזוכן יעדן נויטפאל, אירע מוטערליכע כוונות ביים באזוכן די קראנקע אין זייערע צעזייט־און צעשפרייטע ארימע וואהנונגען או. א. וו. קאן מען נאר אין גאנצע און ספעציעלע ארטיקלען מיט דערלויבעניש פון חשובן רעדאקטאר מר ד. ל. מעקלער, וועלכער האט א גרויסן חלק אין דער טעטיגקייט פון דער פילאנטראפישער ארבייט פון „רפואה וחיים״ מיט דעם וואס ער און זיין סטעף פון „אמעריקאנער״ גיבן די מעגליכקייט דער „רפואה וחיים״ סאסייעטי זיך א דורך צו רעדן מיט אירע גוטהארציגע שטיצער אין פארם פון מאנונגען און דאנקזאגונגען פון די שפאלטן פון זייער צייטונג (דא זאל זיי געדאנקט ווערן מיט א הערצליכן „שלום!״) מ׳קאן נישט זאגן דאס היינט מאנ־געלט עס אן פרויען אין דער אידישער עפענטליכקייט, אפילו אין אידיש־סאצ־יאלן לעבן פון בערייטוויליגקייט אין גרויסען מאסשטאב — וויניג זיינען עס אבער די וואס גיבן זיך אפ א דין וחשבון, אז די מאסן ווערן צונויפגעשטעלט פון יחידים וועלכע ווערן אלס אזעלכע פארגעסן אין געראנגעל פון ברייטאומפאנג־רייכער סאציאלער טעטיגקייט. פון דער סארט נשים צדקניות, וואס האלט אז דער נויטבאדערפטיגער יחיד האט נישט פארלוירן זיין וויכטיגקייט פון צו זיין אן אביעקט פון שטענדיגער בעאבאכטונג — איז די מרת מייטע ווערטהיימער, פרעזידענטין פון „רפואה וחיים״ מיט איר עהרען־פרעזידענטין, פרוי בעלא בריין, די באגאבטע זשורנאליסטין, רעדאקטארין פון „אינטימען ווינקל״, וועלכע שטייט אויף דער וואך אין איר דיענסט פון „רפואה וחיים״ און לייסטעט א גאר גרויסן טייל פון איר ארבעט מיט איר ווינקעל „זוכט קרובים״ וואס פירט שליס־ליך צום איבנדערמאנטן צוועק פון אינדיווידועלער הילף.

איך ווייס נישט ווי גרויס ס׳זיינען די מיטלען פון דער חברה, איך ווייס אויך נישט אויף ווי וויט עס באלאנסירט די צאל נויטבאדערפטיגע וואס קוקן ארויס אויף דער הילף וואס „רפואה וחיים״ מוז זיי שיקן אין געשטאלט פון רפואות, קליידער און שפייז־פאקעטן, מיט דעם קעש־סטענד — איינס ווייס איך יא: דאס מרת ורטהיימער איז אין ישראל אוועקגעריסן געווארן פון דער אמערי־קאנישער ווירקליכקייט און האט פאר זיך איין אויפגאבע געזען: העלפן אויף יעדן פרייז. און איך האב דא געזען ווי אויסגערעכנט זי איז דאך, אז אין לעצטן טאג איז איר ארייגעפאלן א „קונה״ וועלכן זי האט ממש שוין נישט געהאט וואס צו געבן האט זי א בליק געווארפן אויפן בעט אויף וועלכען ס׳ליגט איר דעק און א צופרידענע אים דערלאנגט מיט א פאר לירע דעם פארלאנגער.

וואויל צו איר און וואויל צו די וואס שטייען אן איר זייט צו הילף ביי איר הייליגער צדקה־ארבעט.

גדליהו בן־זאב

ב״ה, לוד, כ״ג מנחם־אב, תשי״ג

דאס ווייסע טיכל פון גב׳ ווערטהיימער

א מיטנזומערדיגע דרום־זון נעמט זיך באגיסן מיט איר וואס־א־מאל שטייגענדיגער היץ דעם פלוגהאפן פון לוד. אויפן וועג פון תל־אביב נאך ירושלים, ניט וויט פון דער אלטער היסטארישער שטאט לוד, בארימט אין תלמוד דורך אירע תנאים און... סוחרים איז דער פלוגפלאץ — דער גרעסטער אין מיטלערן אריענט־אנידערגלייגט געווארן אויף איינעם פון די ברייטסטע פלאכן אין ישראל. כאטש די ענגלענדער זענען דאס געוועזן וועלכע האבן אים דא אפגעשטעלט, וואס אין פארגלייך מיט „זייער פאלעסטינע״ איז ער נישט געוועזן צו גרויס, דאך איבערגייענדיג אין די הענד פון ישראל און זייענדיג אין דינסט פון דעם עלטסטן פאלק מיט דער קליינער טעריטאריע, האט ער געמוזט באקומען א נייעם, מען קאן זאגן, א נייעם אידישן באדייט פאר זיין גרויסקייט. און ס׳האט אויך לאנג נישט געדויערט איז דער לוד׳ר לופטפעלד פון אינטערנאציאנאלער באדייטונג אריבער אין א ריין נאציאנאלער ראל: אידן פון אלע עקן וועלט שטייגן אין אים אפ; און אין די ערשטע טעג דערפילט ער זיינע משיח׳שע מיסיאן: ער נעמט אויף אין זיין שויס דעם טייערסטן חלק פון אידישן פאלק — דעם תמימות׳דיגען תימן־ער קיבוץ־גליות, געפלויגן אויפן „מרבד הקסמים״. גרויס איז נאך זיין אויפ־

גאבע אין די קומענדיגע טעג — דערווייל, אבער, אין דער גרויסארטיגער וועלט־ראל פארשלינגט דער ריזיגער לופטפעלד די סוחרישע געשפרעכן פון רייזענדע און ווארימע געזעגענען נאענטע מיטן רעש פון די ברומענדיגע קאמפליצירטע מאטארן פון די פארשידענע פלוגצייגען. כלערליי מלבושים און שפראכן בילדן דא די מאזאיק אויף דעם קורצן פלאץ פון דעם הויכן שטאציאנסגעביי ביז די בארעדערטע לייטערס וואס שטייען אנגעלענט אויף די ריזיקע מעטאלענע פייגל...

פון צייט צו צייט הערט זיך א פארשלאסענער ברום פון דער אומבאקאנטער הויך און באלד דארויף אנטפלעקט זיך איבערן קאפ א וואסאמאל גרעסערווערנדיגער פליצייג, וועלכעס לאזט זיך אראפ — א פויגל גלייך — מיט געשפרייצטע פליגל און מיט די פריער אויפן בויך פארלייגטע, און אצינד אויסגעשטרעקטע פיס־רעדער, אויף די ברייטע גלאטגעפלאסטערטע שאסייען, און איהר קאנט, אין „מיטן מיטוואך", האבען דאס גליק מקבל־פנים זיין א דירעקט אנגעקומענעם אדער א פארבלאנדז־שעטען דיפלאמאט וואס טראגט אין זיין פארטפעל דעם גורל פון מיליאנען מענש־ען אדער — זעהן אויסשטייגען א פשוט'ן אמעריקאנישען קליידער פרעסער, וואס אן אייער וויסען, שלינגט ער שוין אזוי א שיינע פאר יאר דעם קליידערדאמפ אין די קלאדהינג־שאפס, וועלכער האט זיך גענומען, נאך דרייסיק יאר פערמאנענטער ארבעט, א קורצען אורלויב כדי צו זעהן דאס הייליגע לאנד — און איז דאביי נישט וויניגער עלעגאנט געקליידעט פון דעם דיפלאמאט — (און אפשר נאך בעסער), ווערזשע האט דאס געקאנט וויסען אז אין דעם פשוט'ען מאנטעל, מיט די איינפאכע וואליזען ארומגענומען שטעקט די מיט אומזיכערע טריט אראפ־שטייגענדיגע פיגור פון פרוי מייטע ווערטהיימער, פרעזידענטין פון „רפואה וחיים", וועלכע קומט זיך זעהן מיט איהרע קראנקע, אלטע און ארעמע און אויך מיט... איהר זון. דאס איז נאר מעגליך געווען פאר דעם וועלכער האט געהאט די געדולד און אויסדויער אפצוווארטען א גאנצען מעת־לעת דאס פארשפעטיגען פון דעם „אל־על"־אוירון אין וועלכען זי איז אנגעקומען.. דערווייל אבער האל־טען מיר ביים פלויט וואס טיילט אונז פון אויפשטייגפלאץ, פאר איהר אפרייזען נאך א פאר חדשים אויפענטהאלט אין ישראל, באלייט פון גרויסער און וויכ־טיגער ארבעט הינטער זיך און — פארטיגע פלענער אין דער צוקונפט — פאר זיך. שווערמוטיג און נישט וועלענדיג האט זי זיך געמוזט אנטשליסען אפשייד צו נעמען פון איהר זון, איהרע קראנקע, איהרע קרובים, באקאנטע, פריינדע, און פון דעם אינצווישען גרעסערגעווארענעם פארערער־קרייז. זי דרייט זיך

אצינד, גלייך אנדערע, אין די גרויסע קארידארען פון דעם שטאציאנסגעביי — און ווייסט נישט מיט זיך וואס אנצוהויבען, ווארום זי איז מיט אמאל אפגעריסען געווארען פון איר אומדערמידליכער און אנגעשטרענגטער ארבעט וועלכע האט זי אין אנשפרוך גענומען ממש ביז דער לעצטער מינוט, און וועלכע האט זי באגלייט ביז צו דער „לופט־גרעניץ״; ווואלטען די מכס־פאליציי נישט דערוויי־טערט די מיט נאכנישט דערלעדיגטע בקשות צו איהר, וואס זענען געווען אין יענעם פרימארגען פארזאמעלט אין לופטהאפען — ווער ווייסט ווען זי וואלט גע־ווען געזאגט „גענוג!״ אבער אזוי דאס געזעץ ווייסט נישט פון קיין געפיהל — האט עס, דאס געזעץ, אין געשטאלט פון א פאר רירעוודיגע אוניפארמירטע בעאמטען זי באפרייט פון איהר באגאזש און פון איהרע — באגלייטער און פרוי ווערטהיימער האט זיך דערזעהן, צו געוואלט צו נישט — אין מיטן א בינטל פאסאזשירען; און אז דער באגאזש איז פון אונטערשטעטן רוים פון לופטגעצייג פארשלונגען געווארען און דער פאספארט אפגע׳חתמ׳עט אין איהר האנד צוריק־געקומען — איז שוין געשטאנען אנ׳אומזיכטבארע פאליטיש געאגראפישע מויער צווישען איהר און איהרע מקורבים: זי געהערט שוין אין די „נייטראלע״ פאר שפאן נישט מעהר אן, יורידיש, דעם לאנד נאך וועלכען זי וועט באלד אנהויבען בענקען; אט וועט איהר באלד דאס באפליגעלטע געצייג געבען דעם שטאטליכען איבערגאנג אין איהרע פולע אמעריקאנישע רעכטע וועלכע וועלן אין קראפט טרעטן מיטן אראפשטעלען צוריק איהרע פיס אויפ׳ן פעסטען באדען פון איהר היי־מאט וועלכע זי האט זיך אויסגעקליבען פון פאר דרייסיג יאהר. בשעת אבער איהר פיזישער טייל פיהלט די „נאציאנאלע״ פארענדערונג — וויל אבער איהר גייסטיגער טייל, איהר הארץ, איהר געדאנק, איהר „אינעווייניג״ נישט הערען דערפון: אונזיכטבארע פעדעם הויבען אן זיך צוצעשפינען אין א נעץ פון בענקענ־דיגער ווייטאג צו יענער זייט „גרעניץ״ — אין דער ווייט פון א פאר מעטער ערשט איצט, אז זי איז ארייגעשטופט געווארען אין דער לאנגער ריי פון די אפרייזענדע, ווען עמענס פנים איז מיט גרויסען באגעהר צוגעווענדט צו דער שמאלער טיר פון דעם באלייטערטען עראפלאן, וועלכערווארט אויף זיי — איז איהר פנים צוגעקעהרט געשטאנען פאר איהרע באגלייטער. ווי א פארלוירען קינד, אומבאהאלפען, מיט א צעבראכען געמיט האט די אזויצוזאגען אבגעהארטע וועטע מרת ווערטהיימער — — געזוכט הילף ארום זיך, געבעטען מיט די אויגען ביי די קרובים און פריינדע אנ׳עצה וויאזוי נישט צו בלייבען אליין אויף איהר

וועג. אבער אז זי ווערט וואס א מאל נאענטער דורך איהרע מיטפארער צוגעט־ראגען און זי שטעהט שוין אויף די טרעפ, הויבען אן זיך באווייזען באהאלטענע סענטימענטען און דאס ווירקען פון די הונדערטער אויגען אויף איהר רוקען, ברויזען אויף אין איהר א געפיהל צו א שטארקען וויעדערשטאנדס ווילען זיך צו באפרייען פון דעם געזעצליכען ראמען; זי ווערט זיך אנטקעגען די באגרע־ניצונגען וואס מען האט איהר אויפגעלייגט און קנאפ פאר דער טיר — רייסט זי זיך ארויס פון דער ריי, ווי גליך זי זאל וועלען אנטלויפען פון דארט. צוויי טאטזאכען ווערען איהר קלאר אין יענעם מאמענט: איינס — דאס זי האט נאכ־נישט צוענד געבראכט איהר ארבעט; צווייטענס — דאס זי לאזט עמיצן איבער דא... צו זענען דאס די הילפסלאזע באשעפענישען, וועלכע האבען אזויפיל גע־בויט אויף דער פרעזידענטין פון „רפואה־והחיים", אפשר האבען זיי זיך א סך פון איהר פארשפראכען ווען זי אליין וועט דערזעהן זייער לאגע און אצינד האט זי צעבלאזען זייערע אילוזיעס מיט איהר באשרענקטער שטיצע; אדער די קרובים איהרע וועלכע האבען געווארט אויף דער מוהמע מייטע, אביסל זיך א־דורכרעדען נאך אזא לאנגען נישט־זעהען־זיך פון דרייסיג יאהר, זינט זי איז אוועק אין דער גרויסער וועלט — און אויך זיי נישט „באפרידיגט" מיט איהר וויניג צייט האבען. צו איז דאס אפשר דער נעכטן חתונה'געהאטער בן־יחיד מיט זיין יונג־ווייבל, פאר וועלכע זי האט אפילו נישט קיין צייט געפונען זיך גוט אדורכרעדען מיט זיי און טיילנעמען אין זייערע צוקונפט פלאנען — און דאס אלץ צוליעב איהרע פילאנטראפישע דאגות... אויף וואס איהרע מחשבות זאלען זיך נישט דרייען, פון וואס זי זאל אין יענעם מאמענט נישט האבען געקלערט — דאס איז קלאר געוועזען אז זי איז א פיזיש און גייסטיג צעבראכענע ארויפגעש־טיגען אויפן מעטאלענעם לייטערל און נישט פאר תענוג האט זי זיך ארויסגע־ריסען — נאר אז זי האט זיך ביים גרוי־מונדיערטען באגלייטער געוואלט אויס־בעטען, דאס ער זאל זי לאזען, מיט אויסנאם, די לעצטע איבערבלייבען — פאר וועלכען ס'האבען אבער קיין שום טענות נישט געהאלפען — האט זי געגריפען צו אנ'ארגומענט וואס איז אימשטאנד דעם גרעסטען אייגענזיניקען און הארטען מענשען צו איבערצייגען. זי האט ארויסגעצויגען אזא סארט געוועהר פון איהר טאש — אז דער שטייפגעביגעלטער לופט סאלדאט האט באשלאסען ווייך צו ווערן און אונטער זיינע אמטסקליידער האט אנגעהויבען פאכען דאס אידישע הארץ זיי־נס, פון וואו ער האט דאס שוין מיטגענומען, פון רומעניען, גאליציען אדער אונ־

גארען. דאס שטארקע און זיעגבארעס געוועהר פון פרוי ווערטהיימער איז גע־וועזען א — — ווייס טאשענטיכל... מיט וועלכען זי האט געפרואווט אויפ־האלטען דעם שטראם טרערען וואס האט זיך א גאס־געטאן פון איהרע אויגען; אין יענעם מאמענט איז זי געוועזען די מאמע, די שוועסטער, די מוהמע — אלץ, אלץ, נאר נישט פרוי ווערטהיימער... און זייט יענער מינוט האט ביי איהר דעם ראל דאס ווייסע טיכל איבערגענומען אין דעם געזאמט־בילד פון מענשן און פארבען, טעכניק און נאטור, מאשינען־גערויש און מענשען־געפילדער — האט זיך דאס ווייסע טיכל מערקבאר געמאכט פלאטערנדיג אין די הענד פון גב׳ ווער־טהיימער. איהר פנים האט שוין באקומען די געוואונשטע ריכטונג — און דאס טיכל רעדט; זי שטעהט שוין אין טיר־רוים, יעדער פארנעמט שוין זיין פלאץ, בינדען זיך ארום מיט די גירטלען — דאס ווייסע טיכל וויכעט; די לייטער ווערט אבגעפיהרט — מייטע שטעהט ביי דער אפענער טיר — כאטש אראפצופאלען — און פאכעט מיטן ווייסען טיכל — — ס׳רעדט א טיכל, ס׳וויינט א טיכל... דאס טיכל זאגט: זייט געזונד, מיינע קינדערלעך! איהר זייט דאך די נאך וועלכע איך בענק שוין אזוי. פארוואס קאן איך נישט זיין נאך אביסל ביי אייך! וואס שטעהט איהר דארט און לאזט מיך אליין פארען! נאר אז די טיר האט זיך שוין ענדליך געמוזט שליסען, ווייל דער זייגער פון „אל־על" פליין קאן זיך בשום אופן נישט ריכטען נאך מייטע ווערטהיימערס צעקאכטע געפיהלען צו איהר משפחה און קרובים — ער, דער זייגער האט זיך זיינע צייט און די טיר האט זי אבגעטיילט פון פאר אונזערע אויגען. וואס ס׳איז אין יענער זייט וואנד, אין הארצען פון פלוג־מכשיר פארגעקומען — דאס ווייס איך נישט, נאר אז מייטע האט איהר פלאץ נאכנישט פארנומען האבען מיר בעשיינפערליך געזעהן: דאס ערשטע רונדע פענסטערל האט זיך גענומען תיכף נאכ׳ן טירשליסען און געטרעטען אין פונק־ציאן: א ווייסער חפץ אין באוועגונגס צושטאנד האט זיין רוים אויסגעפילט — דאס ווייסע טיכל זעצט פאר זיין ארבעט און רעדט מיט זיינער רמזים־שפראך צו אונזער הארץ, בעת מיר „בוכשטאבירען" אונז פון איהר ארויס איהרע וויטא־גען, געפיהלס־אויסגיעסען, ווארעמע ברכות און אויסרעדעכץ מיט וועלכע זי איבערשיט אונז אצינד מעהר ווי אלע מאל, כדי צו דערענדיגען דאס וואס זי האט יעדעס מאל איינגעטונקען אין איהר טרעהרען־טינטער... אויב די אנדערע רייזענדע האבען שוין מיט זייער אין האפען געבליבענע באגלייטער די שפראך־

און־אויגען פארבינדונג אפגעבראכען — מייטע ווערטהיימער האלט איהר קאנ־טאקט מיט אונז אויפרעכט. דער מאטאר פארטייבט שוין אונזערע אויערן — דאס ווייסע טיכל שרייט אים איבער.. דער מעכאנישער „אדלער" ריהרט שוין אויף זיינע ערדישע פיס — דאס ווייסע טיכל ריהרט נישט ווייניגער אין רונדען פענס־טערל. די ערשטע „הקפה" ארום אונזער פלאץ איז פארטיג — דאס ווייסע טיכל — נאכנישט.. דער אלומיניום־פויגעל רייסט זיך אפ פון דער ערד, פארציהט זיינע פיס און פארוואַרפט זיי אויפן בויך — דאס ווייסע טיכל טוט זיך זיינס. ערשט אז דער עראפלאן איז אין א„שארפען ווינקעל" פארלאפען און אריינגעשניטען אין דעם אומענדליכען דונקלגרויען רוים ביז ער איז איבערגעגאנגען אין אנ׳אונ־זיכטבארען פונקט — דעמאלט האט די סימנים־שפראך אויפגעהערט... ס׳קאן אויך זיין דאס אפילו דארט, אין דער ווייטער אטמאספער, אין די טיעפענישען פון די גרויע וואלקענס האט נאך א לאנגע צייט געפלאטערט דאס ווייסע טיכל... און ווער ווייסט — אפשר האט מען אויך „דארט", אין די הויכן איבערגענומען פון דער מוהמע, טאכטער און שוועסטער די ווארעמע גרוסען וואס דאס־ווייסע טיכל האט פארשפרייט — דען ס׳האבען דאס דערפיהלט די הייליגע נשמות פון איהר פארשטארבענער און פארברענטער משפחה, האבען זיך „געמיהט" פאר איהר, דער טרייער מייטע און זיך אנגעשלאסען דעם שטילען „תפלת הדרך" פאר איהר, פון די לעבעדיגע?... איינס בין איך זיכער, דאס ווען פרוי מייטע ווער־טהיימער איז אנ׳איבערמידעטע אין א זיסען שלאף אנידערגעפאלען — ערשט דעמאלט האט אויפגעהערט דיענען דאס ווייסע טיכל...

ג. בן־זאב, חיפה

צווייטער טייל

# וויכטיגע אויסשניטען פון די פרעסע

# וועגען „רפואה-וחיים״

אויסשניט פון צייטונג „דער אמעריקאנער", פרייטאג, אפריל 21, 1950

# ווי אזוי די „רפואה וחיים" איז געבוירען געוואָרען

מאי דעם 26טען 1948, האבען מיר דער־האלטען דעם פאלגענדען בריף און ער איז געדרוקט געווארען אין יוני 1948:

געעהרטע בעלא ברין

(חנה גאלדע דיסקינד), —

איך ווענד זיך צו אייך מיט א פראב־לעם. היות ווי יעדע וואך אין אייער „איב־טימער ווינקעל" איז דא הארצרייסענדע בריף פון אונזערע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער, פון יתומים, הילפס־רופען צו אונז אידען, אזעלכע טראגישע ר״ל וואס מוז צוברעכען ניט א הארץ נאר אפילו א שטיין, און איך פיהל, אז יעדער איד וועט ער לעזט דאס, קלאגט מיט ביטערע טרערען, איך אליין האב געטאן מער ווי איך האב געקענט, איך וועל מער ניט בא־מערקען ווי פיער קייסעס: 1) געשיקט צוויי מאל צו די אומגליקליכע פרוי רבקה פידרא אין שוועדען, 2) געשיקט צו די יתומה, וואס ליגט קראנק אין שפיטאל אין איטאליען, 3) געשיקט צו א פאמיליע וואס טאטע־מאמע זיינען קראנק און האבען פיר קליינע קינדער, אויך קראנקע און הונגעריג אין עסטרייך, האב געשיקט א פעקעל ש־פייז פאר $10, דורך די „קעיר" (קיין געלט קען מען אין עסטרייך ניט שיקען), $3 האב איך געגעבען און $7 קאלעקטעט, און נאך אין עטליכע פלעצער געשיקט.

איך האב איצט אויך פיר בריף פון אומגליקליכע פאמיליעס, ווי אזוי וויסען זיי מיין נאמען און אדרעס? איז ווייל מיין נאמען איז געווען אין אייער „אינטימען ווינקעל". אלזא טייערע בעלא ברין, מכמה טעמים איז מיר אונמעגליך צו העלפען די אומגליקליכע מענשען, איבער אלטקייט, קראנקייט און ווייט פון צו זיין א גביר.

וואס איך דענק, אז דער בעסטער פלאן וואלט געווען אז איהר האט באדארפט אין אייער ווירדיגען „ווינקעל" אפעלירען צו אונזערע טייערע אידישע פרויען אז זיי זאלען גרינדען אזא הייליגע סאסייעטי, און די סאסייעטי זאל נעמען „קעיר" (אכטונג געבען) אויף די אומגליקליכע פאמיליעס, דיזע אומגליקליכע פאר וועלכע איהר אפע־לירט אין אייער „ווינקעל" און איך בין זיכער אז יעדע אידישע הארץ וועט זיך אפרופען, ווער מיט א דאלאר אדער מער און ווער אפילו מיט 25 סענט און עס וואָ־

לט געווען א גרויסע הילף פאר אונזער אומגליקליכע ברידער און שוועסטער, און אזא סאסייעטי װאלט געווארען די בעס־טע אינסטיטוציע אין אמעריקע. איך פיהל ביי זיך, אז איך אליין וואלט געגעבען צו יעדער צייט א דאלאר צו א רוף פון אייער „ווינקעל״ און צו די אומגליקליכע וואלט מען געקאנט שיקען א סך מער הילף ווי פון א יחיד.

פון מיר וואס ווינשט אייך פיל גליק אין אייער ארבייט.

ברוך שלאסמאן.
B. SHLOSMAN
17 Linden Ave.
Ashville, N. C.

נאך דעם ווי דער בריף איז ערשי־נען אין „אינטימען ווינקעל״ האבען בריף געשטראמט פון אלע עקען פון אמעריקע, אז אזא סאסייעטי דארף ווירקליך געשא־פען ווערען און עס האט לאנג ניט גע־נומען און די סאסייעטי איז געגרינדעט געווארען אין פילאדעלפיע און מען האט איהר א נאמען געגעבען „רפואה וחיים״ און דער נאמען איז פארטרעפליך צוגע־פאסט, ווייל די סאסייעטי שיקט רפואות צו קראנקע און זיי ווערען געהאלפען מיט ג־ט׳ס הילף און זיי בלייבען ביים „חיים״ ביים לעבען.

די „רפואה וחיים״ האט שוין געהאלפען הונדערטער מענשען געזונט ווערען, צו הונדערטער פאמיליעס געשיקט הילף, עס־ענווארג, קליידער, מעדיצינען פון יעדען סארט און צו דעם אלעס שיקט די פרע־זידענטין מעטה ווערטהיימער טרייסט־בריף, וועלכעס האט ניט ווייניגער די ווע־רט ווי די הילף וואס מען שיקט. זי זיצט אויף אליין גאנצע נעכט און שרייבט בריף, טרייסט־ווערטער, ערמוטערענדע ווערטער, אז זיי זיינען ניט מער עלענד, זיי האבען פריינד אין אמעריקע וואס זארגען פאר זיי. מען דערקלערט זיי אז מען נעמט זיי אריין אלס מיטגלידער אין דער משפחה „רפואה וחיים״. די מרת ווערטהיימער שרייבט צו איינזאמע קינדער, אז זי איז זייער מא־מע, זייער שוועסטער, זייער פריינד, און זיי זאלען נאר שרייבען וואס זיי פעלט אויס, וועט זי זיי שיקען. זיי שיקען איהר זייערע בילדער און זייערע ביאגראפיעס, זיי ווערען אויפגעלעבט, זיי פרייען זיך, וואס זיי האבען פריינד וואס טראכטען פון זיי און זארגען פאר זיי. מען בלאזט אין זיי אריין א נייע נשמה, א ניי לעבען, א נייעם אינטערעס אין לעבען. עס איז אונמעגליך אויסצושרייבען די גוטעס וואס די „רפואה־וחיים״ טוט אויף פאר מענשען אויף יענער זייט ים. די „רפואה וחיים״ האט אנגעשטעלט „אינוועסטיגייטארס״ אין אלע שטעט און זיי זוכען אונטער די קייסעס און זיי לאזען וויסען, וואס זיי האבען אויס־געפינען.

זיי האבען איצט אהן א שיעור בריף פון אומגליקליכע קראנקע, מענשען וואס

מען דארף העלפען. עס ווענדעט זיך אבער אין די גוטע מענשען, וואס זאלען ארייג־שיקעןביישטייערונגען אום מען זאל אלע־מען קאנען העלפען.

מיסעס ווערטהיימער בעט די גוטע מע־נער און פרויען „העלפט ראטעווען אידי־שע לעבענס פון אונטערגאנג. מיר ווילען אלעמען העלפען נאר עס איז ניטא געגוג געלט. וועמען זאל מען יא העלפען און וועמען — ניט? זאלען מיר דען ווארפען גורל? עס איז דאך א רחמנות אויף יע־דען פון זיי: יעדער וויל לעבען? מען דארף זיי אויך שיקען עסענווארג און קליידונג, אז איהר וועט העלפען די אומגליקליכע, וועט השי״ת אייך אלעמען העלפען און איהר וועט קיינמאל ניט קראנק זיין און ניט וויסען פון קיין נויט״.

די אדרעס פון די „רפואה וחיים״ איז:

REFUA VECHAIM SOCIETY
1819 Nedro Ave.
Philadelphia, Pa.

בעלא ברין.

---

## גרינדער פון „רפואה וחיים״ דריקט אויס זיין באגייסטערונג

געעהרטע בעלא ברין:

איך האף, אז איהר וועט מיר ניט ענט־זאגען צו דרוקען מיין בריף אין אייער אפטיילונג וויל מיינע ווערטער זיינען דב־רים היוצאים מן הלב, א שבח והודיה צום אויבערשטען מכמה טעמים, ערשטענס, וואס ער האט מיר געגעבען א געדאנק צו שרייבען צו אייך, אז איהר זאלט ארגא־ניזירען דורך אייער אפטיילונג א סאס־ייעטי, וועלכע זאל נאר אפגעבען זיך צו ראטעווען און העלפען אונזערע ארימע קראנקע שוועסטער און ברידער און יתו־מים איבער דער גאנצער וועלט מעבר לים. און צווייטענס, וואס השי״ת האט אונז אידען באשאנקען מיט אזא טייערע ליבע שוועסטער חנה גאלדע דיסקינד — בעלא ברין. און דריטענס, וואס דער אל־מעכטיגער האט אונז אלעמען אויך באשאנ־קען מיט נאך א טייערע ליבע שוועסטער, מיט אלע מעלות, מרת מעטה ווערטהיימער תחי׳, אויף איהר האט שלמה המלך גע־זאגט אין משלי י״ד, חכמות נשים בנתה „רפואה וחיים סאסייעטי״.

לעזענדיג יעדע וואך אין אייער אפטיי־לונג דעם רעפארט וואס די „רפואה וחיים״ טוט אויף פאר אונזערע קראנקע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים, וויל איך אויסדריקען צו אייך מיינע געפילען צום נייער יאר, א שנת חיים ושלום און צו אייער פאמיליע און צו מרת ווערט־היימער מיט איהר פאמיליע און צו די אלע בעאמטע פון „רפואה וחיים״, וועלכע טוען

די הייליגע ארבייט מיט'ן גאנצען הארצען שלא על מנת לקבל פרס, און אויך צו אלע שוועסטער און ברידער וואס גיבען מיט דער פולער האנד, סיי מעמבערס און סיי וואס שיקען אריין נדבות כדי די „רפואה וחיים" זאל קענען שטיצען און העלפען אין די ריכטיגע צייט צו די באדערפטיגע, וואס נויטיגען זיך אין אונזער הילף.

מיט רעספעקט אייער פריינד,

ברוך שלאסמאן,

אשוויל, נארט קאראליינא.

מיט פארגעניגען דרוקען מיר אייער בריף, ליבער ר' ברוך שלאסמאן, איהר האט ווירקליך אויפגעטאן א גרויסע זאך מיט אייער איינפאל וועגן גרינדען אזא סאסייעטי, וואס ראטעוועט אלע טאג מענשען פון אונטערגאנג. זייט געבענשט און האט א גוט יאהר און א גוטע געזונטע עלטער און נחת פון אייערע קינדער.

בעלא ברין.

---

אויסשניט פון „אמעריקאנער", 1948

## נאך אן עהנליכער בריוו פון א לעזערין

איידער איך קאמענטיר אויף פריינד שלאסמאן'ס פלאן, גיב איך דא איבער נאך א בריף פון אונזער א לעזערין, וועלכעס איז כמעט איינס און דאס זעלבע:

זעהר חשוב'ע פריינדין פון כלל ישראל מרס. דיסקינד (בעלא ברין) תחי'!

לעצטען זומער האב איך געהאט דאס גרויסע גליק צו ריידען מיט אייך פערזענליך אין סאראטאגא ספרינגס, און בין דורך אייך געווארען א מיטגליד צו אונזער גרויסע משפחה לעזער אהן עין הרע פון באליבטען „אמעריקאנער" פון וועלכען מיר לערנען אזוי פיל גוטס און נאבעלס. באזונדערס מיט אייער „אינטימען ווינקעל" זענט איהר מזכה פיל אידען מיט מצוות ומעשים טובים. ערשטענס, מיט העלפען אייך פאראייניגען קרובים. צווייטענס, אייערע אפילס פאר נויטליידענדע פון דעם „עמק הבכא" ברענגען שטיצע צו די נויטבאדערפטיגע. איך פערזענליך בין אייך באזונדער דאנקבאר וואס דורך אייך האב איך דעם זכות צו ענטפערען מיט וואריעמע טרייסט־בריף באגלייט מיט געלט שטיצע צו איניגע. אויך לעצטענס צו דער פרוי עטקע פאדאלסקי, אין קרימאנא, איטאליען. איהר בריף איז געווען אין „ווינ־

קעל" פון 7טען מאי. איהרע ברכות וואס זי ווינשט אייך אין איהר ענטפער אויף מיינע ערשט צוגעשיקט געלט, זאל אייך ווי אויף אייער גאנצער משפחה, מקוים ווערען.

איצט, וועגען דעם הילפס־רוף פון מר. אפעלשטיין פון אטוואצק, פוילען, וועלכער נויטיגט זיך נעבעך אין הונדערט גראם סטרעפטאמיצין. עס איז געווען געדרוקט דעם 28טען מאי. לעזענדיג דעם געשריי פון דעם עלענדען יונגען מענשען, האט מיר מיין הארץ געשניטען, געריהרט ביז טרערען, אלזא, די מעדיצין דארף קאס־טען צוויי הונדערט מיט פופציג דאלאר, כאטש איך האב מיין אייגענע פאמיליע צו שטיצען, שיק איך צען גראם מעדיצין. איך וויל האבען דעם זכות צו שיקען די ערשטע מעדיצין און באזונדער אביסעל געלט פאר גוטע נארהאפטע שפייז. ווען גוט־הארציגע אידען זאלען צושיקען וויפיל מעגליך צו מיר, וואלט איך דאס פינקטליך און שנעל באזארגט. געוואלד! וועט מען לאזען אויסלעשען א מענשען'ס לעבען אי־בער א פאר הונדערט דאלאר? יעדער וועט קריגען א קבלה פאר זיין דאניישאן, און דאס וויטערע לאז איך שוין צו אייך, ווירדיגע בעלא ברין. איהר זענט רייכער פון מולטי־מיליאנערען, מיט אייער פיל־פאכע הייליגע נאבעלע ארבייט. איהר זענט אן אויסנאם פון א פערזאן.

איך בעט אויך פון אייך א זשורנאל פון אייער סאסייעטי, איך וויל ווערען א מעמבער פון דער „פעני טשאריטי", איך וועל אייך שיקען א דאניישאן.

איך בעט ביי השי"ת אז אויך מיין בי־סעל ארבייט פאר'ן כלל ישראל זאל געק־רוינט ווערען מיט ערפאלג.

איך וועל זיך פרייען צו זעהן באלד מיין בריף אין אייער „אינטימען ווינקעל" מיט אייער טאלאנטפולע באמערקונג.

מיט מיר איז אויך פאראינטערעסירט אין דעם ענין מרס. קלאפער. ווער עס וויל זיך באטייליגען אין העלפען ראטעווען דעם עלענדען קראנקען מר. אפעלשטיין, קען צושיקען צו דער קאמיטע פון מרס. ווערטהיימער און מרס. קלאפער. יעדענס נאמען וועט זיין אנאסירט אין אייער קא־לום. איך וויל מיט מיין גאנצען הארץ און נשמה העלפען שטיצען אזעלכע עלענדע שוואך־קראנק אידען. מיין הארץ בלוטיגט. איך פיל מיט זייערע ליידען. ווען מען וויל העלפען מיט'ן גאנצען הארצען די ליידענדע, העלפט דאך השי"ת.

איינע פון אייערע פריינד, וואס שעצט אייך זעהר טיף.

מעטא בת בלומע ווערטהיימער.

ווי פריהער געזאגט, זיינעןביידע בריף פון זעלבען כאראקטער, מיט איין און דעם זעלבען ציל, סיי מר. שלאסמאן'ס און סיי מרס. ווערטהיימערס. גלויב איך דא־ריבער, אז דער פלאן איז א גוטער, אן

אויסגעצייכענטער, אזוי ארום וועט עס געהן מיט א סיסטעם. די הילף וועט זיין א גרעסערע און קיינער וועט זיך ניט צופיל אנשטרענגען, אין אזא פאל וואלט דאס שיקען די הונדערט גראם סטרעפטא־מיצין געווען די לייכטסטע זאך, וויבאלד די קאמיטע וויל נעמען אויף זיך די מיה און ארבייט דאס צו טאהן, איז זיכער גוט.

איך האב ווירקליך געהאט דאס פאר־געניגען צו טרעפען דיווירדיגע מרס. ווערטהיימער אין סאראטאגא, און עס איז א פרייד צו טרעפען אזעלכע פרויען ווי זי איז, איך בין זיכער, אז זי וואלט געטאן די ארבייט בלב ונפש.

אז די ווערטע פרוי ווערטהיימער וועט מיר צושיקען די נעמען פון די וואס וועלעןביישטייערען צו דעם צוועק, וועל איך דאס גערן דרוקען אין מיין אפטיי־לונג.

איך ווינש ערפאלג אין אייער אונטער־נעמונג. איך בין זיכער, אז נאך פרויען וועלען זיך אנשליסען צו אייך אין דער ארבייט. איך דאנק אויך מר. שלאסמאן פאר זיין בריף, מיר קאנען שטענדיג שטאל־צירען מיט אונזערע ערשט־קלאסיגע לע־זער. זייט אלע געבענשט פאר אייערע גוטע אידעלע אידישע הערצער.

מיט אכטונג און רעספעקט,

בעלא ברין.

---

אויסשניט פון „אמעריקאנער", פרייטאג, יולי 2, 1948

## גוטע מענשען ווילען העלפן זעליג אפעלשטיין צו ווערען געזונט

דער הארצרייסענדער בריף פון זעליג אפעלשטיין אין אטוואצק, פוילען, וואס געפינט זיך אין א סאניטאריום פאר טור־בערקולאז, האט געמאכט א רושם צווישען אונזערע נאבעלע גוטהארציגע לעזער און פיל ווילען איהם העלפען.

איך האב דערהאלטען טשעקס פון מרס. אננא גאלד פון 360 איסט 4טע סטריט, נ. י. י., 10 דאלאר, פון מרס. י. זעלצער, פון 1853 ס. הארדינג, שיקאגא, איל., 5 דאלאר, פון קלארא שמעטערלינג 824 — 46טע סט., ברוקלין, נ. י. 5 דאלאר, פון לינע האלפערין, 367 נארד שיקאגא סט., לאס אנדזשעלעס, קאליפארניע, 4 דאלאר. צוזאמען 24 דאלאר און איך שיק דאס איבער צו דער נאבעלער קאמיטע פרוי מעטה ווערטהיימער און מרס. קלאפער.

עס שרייבט מיר מר. ראדינסקי פון פראווידענס, ראוד איילאנד, אז ער האט געשיקט דירעקט צו מר. אפעלשטיין 5

דאלאר קיין פוילען. זאלען די אלע וואס העלפען, קיינמאל ניט זיין אין קיין נויט.

איצט גיב איך דא איבער א בריוועל פון פרוי מעטה ווערטהיימער, וועלכעס וועט זיכער אלעמען אינטערעסירען.

זעהר געשעצטע גברת ברין:

נאך דעם לעצטען „לאנג דיסטענס״ געשפרעך וואס איך האב געהאט מיט אייך און איהר האט מיר געראטען דאס איך זאל דערווייל אויסלייען געלט און שוין קויפען און אוועקשיקען די סטרעפ־טאמיצין מעדיצין פאר דעם קראנקען זעליג אפעלשטיין, זאג איך אייך אז איך האב אייך שוין אויסגעפאלגט און געבארגט די געלט פאר די הונדערט גראם, און איך האף דאס גוט־הארציגע אידען וועלען זיך אפרופען מיט שטיצע פאר דעם היילי־גען צוועק, דער קראנקער וועט זיך נאך נויטיגען אין געלט פאר בעסערע פלעגע ביז ער וועט פאלשטענדיג געזונט ווערען מיט א גאנצער רפואה.

איך געפין זיך איצט אין דעם פאסט אפיס וואו איך האב ב״ה באזארגט די ערשטע 25 גראם, ביז אין א מאנאט צייט וועל איך באזארגען די גאנצע הונדערט גראם וואס ער נויטיגט זיך, מיין פריינדין מרס. קלאפער העלפט מיר ארויס, איך האב שוין געקראגען פון הרב ווארהאפטיג און מר. געלערמאן פון פילאדעלפיע 25 דאלאר און מיר האפען אז אונזער ארבייט וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאלג.

איך לייג אייך ביי אויך א טשעק פאר אייער באליבטע סאסייעטי „פעני טשא־ריטי״ און איך האף אז פילע אנדערע וועלען מיר נאכטאן דעם ביישפיל פון ארום ניו יארק און פון ווייטער איבער די פאראייניגטע שטאאטען, איך וויל הא־בען א חלק אין אייער גרויסע פארצוויגטע היילגע ארבייט. יא, עס איז א צייט פון אזוי פיל נויט איבער אונזער אידישער וועלט, מען דארף אויספילען יעדע שטונ־דע מיט העלפען די ליידענדע וועלכע רו־פען צו אונז פון איבער די ווייטע ימים פאר הילף. פאר מיר פערזענליך זיינען די איצטיגע גרויסע טעג צו קורץ. איך נעם צו פון מיינע רוה שטונדען פאר די היליגע צדקה ארבייט, אונזערע חכמים זאגען „היום קצר, והמלאכה מרובה״.

מיין טייערע בעלא ברין, איהר זייט די געבענשטע פון השי״ת. וואס פאר א באטרעף האבען מיליאנען אין פארגלייך מיט אייער הייליגער נאבעלער הארציגער הילף וואס איהר טוט אויף דער וועלט, איך ווינש אייך פיל גליקליכע יארען מיט פרוכטבארער ארבייט פאר דעם כלל יש־ראל.

מעטה בת בלומה ווערטהיימער.

איך דרוק דעם בריף ווייל מיר אלע קאנען פיל לערנען פון דער וואונדערלי־כער פרוי מרת ווערטהיימער, זי האט דעם ריכטיגען געדאנק וואס דער מענש

דארף היינט האבען, ווען א וועלט מענשען זיינען איןליידען און צרות, מיר דארפען העלפען מיט געלט און צייט און מיה.

מיר ווינשען איהר צו האבען ערפאלג אין איהר אונטערנעמונג.

בעלא ברין.

---

# איז איינשטימיג אז ס'זאל זיך גרינדען אן ארגאניזאציע פון משפחה לייענער פון „אינטימען ווינקעל"

די חשוב'ע פרוי מעטה ווערטהיימער פון פילאדעלפיע, פא. שיקט מיר צו א בריף פון א לייענערין פון „אמעריקאנער" און זי בעט מיך דעם בריף צו דרוקען און איך טו עס מיט פארגעניגען.

אט איז דער בריף:

„זעהר געעהרטע נאבעלע פרוי
מעטה ווערטהיימער:

איך האב געלייענט אייער בריף אין „אמעריקאנער" וועגען פריינד שלאסמאן'ס פארשלאג, אז עס זאל זיך גרינדען אן ארגאניזאציע פון די משפחה־לייענער פון „אינטימען ווינקעל", קען איך אייך זאגען, מיין טייערע, אז דאס וואלט געווען די בעסטע און הייליגסטע וואס מען וואלט געקענט אויפטאן. איך שטיץ דעם פארשלאג און וועל זיין זעהר גליקליך מיטצוארבייטען צוזאמען מיט אייך פאר דעם נאבעלען און הייליגען צוועק. ניט נאר דארפען אונז אונזערע אומגליקליכע שוועסטער און ברידער און קינדער פון די לאנגערען פון דער פארשאלטענער אייראפע, אונז דארף אויך אונזער הייליג לאנד און דערפאר איז אזוי וויכטיג, אז מיר זאלען זיך ארגאניזירען אין אן ארגאניזאציע אזוי ווי פריינד שלאסמאן האט פארגעשלאגען. איך בין זיכער, אז מיט דער הילף פון אלמעכטיגען וועט אויפגעטאן ווערען זעהר וויכטיגע ארבייט. איך זאג נאך אמאל, אז איך וועל זיין גליקליך מיטצוארבייטען מיט אייך און מיט אונזערע פריינד, וואס וועלען זיך אנשליסען צו ארבייטען צוזאמען מיט אונז.

איך דאנק אייך נאך אמאל, טייערע פריינד, פאר אייער אינטערעס וואס איהר נעמט אין כלל־ארבייט. זייט געשטארקט און געבענשט פון אונזער אלמעכטיגען מיט אייערע ליבסטע און טייערסטע ווי עס ווינשט אייך אייער אומבאקאנטע אבער נאענטע פריינדין.

שפרה קאהען.

Mrs. SOPHIA COHEN

177 Ludlow St.

New York 2, N. Y.

אויסשניט פון „אמעריקאנער", פרייטאג, יאנואר 28, 1949

## א בקשה פון מעטה ווערטהיימער

טייערע חשוב'ע פריינדין חנה גאלדע דיסקינד (בעלא ברין):

איך בעט אייך אין נאמען פון די פיל ליידענדע פון אונזער ערהאבען פאלק ישראל צו דרוקען אין אייער „ווינקעל" אזוי שנעל ווי מעגליך דעם בריף און עס זאל וואס שנעלער גרייכען צו אונזערע איידעלע לעזער פון „אמעריקאנער" דאס געשריי פאר שנעלע הילף צו די קראנקע און שוואכע איבער די ווייטע ימים.

איך בין פארפלייצט מיט בריף וואס פארלאנגען שנעלע הילף, איך פארגיס א סך טרערען לעזענדיג די בריף, ווען מיר וואלטען געהאט די מעגליכקייט צו פארעפענטליכען די אלע בריף וואלט גוט געווען, עס קומט אויס ממש צו שרייען אין די גאסען, דעם בריף שרייב איך שפעט ביינאכט, איך בין שוין פארמאטערט פון די גאנצע וואך אנגעשטרענגטע ארבייט, א דאנק דעם עוויגען פאר דעם „שבת" וואס מיר קאנען רוהען.

דער זייגער איז איצט 2 נאך האלבע נאכט, עס איז שטיל און רוהיג און איך זעה איצט א בילד אירגענד אין רומעניען זיצט א מאמע נעבען בעט פון איהר איינציג געבליבען קינד, וועלכער ליגט נעבעך קראנק אויף טי. בי. דער זוהן איז איהר איינציגער אינהאלט אין לעבען, זי האפט פריער צו השי"ת דאן צו אונז אמעריקאנער אידען, זאלען זיין די גוטע שליחים. איך הער איהר שטיל געוויין און געבעט, גלויבט מיר טייערע לעזער דאס איך פארגיס אויך טרערען שרייבענדיג דעם אפיל צו אייך. א תפילה מיט טרערען ווערט שנעלער אנגענומען, אלזא צו דער מאמע'ן פון דעם איינציגען קינד, האב איך שוין געשיקט 70 יוניט מעדיצין, מען דארף פיל מער. איך בין ניט מער פאראנטווארטליך פאר אייך, ליבע לעזער, איך גיב מיין צייט, מיין געזונט פאר דעם גרויסען הייליגען צוועק, ביז היינט זיינען צען קייסעס אטענדעט געווארען, יעדעס פעקעל מעדיצין ווערט באגלייט פון מיר מיט א תפילה צום אלמעכטיגען אז די קראנקע זאלען האבען א גאנצע רפואה שלמה בקרוב.

ליבע לעזער, זעעט מיט צדקה, ווערט איהר שניידען ברכה.

פון אייער אלעמענס אויפריכטיגע פריינד און שוועסטער וואס איז געטריי צו די געבאט פון אונזער הייליגע תורה אויך צו אונזער ערהאבען אידיש פאלק און מדינת ישראל.

מעטה בת בלומע ווערטהיימער.

איך דרוק דעם בריף, פון מרת ווער־

טהיימער, איך האב ווירקליך גארניט צו־צוגעבען צו דעם בריף, נאר אז דער אלמעכטיגער זאל דער אידעלער נשמה העלפען, זי זאל קאנען אנגעהן מיט איהר הייליגער ארבייט לטובת אונזערע קראנ־קע שוועסטער און ברידער פון יענער זייט וועלכע האבען זיך געראטעוועט פון די היטלער נעגעל און איצט זאלען זיי געראטעוועט ווערען פון זייערע שווערע קראנקהייטען און מיר דארפען זיין די גוטע שליחים און שיקען זיי די רפואה מיט דער הילף פון אלמעכטיגען.

געבענשט זאלען זיין די וואס האבען שוין אריינגעשיקט און געבענשט זאלען זיין די וואס וועלען נאך אריינשיקען, און די וואס קאנען אליין ניט העלפען מעגען שאפען צווישען פריינד און באקאנטע און אויך אריינשיקען צו די ארגאניזאציע „רפואה וחיים" וועלכע האט די אויפגאבע צו העלפען די מענשען דארטען מיט א רפואה און אויך שיקען זיי קליידער און אלע אנדערע נויטיגע זאכען.

בעלא ברין

## זי שיקט באשטעטיגונג פון דאקטאר

דעם בריף האט מרס. ווערטהיימער דער־האלטען :

געעהרטע פרוי מרת ווערטהיימער !

אויף אייער פארלאנג שיק איך אייך א באשטעטיגונג פון א דאקטאר וועגען מיין קינד'ס קראנקהייט און אויך אין וואס ער נויטיגט זיך, איך האף אז איהר וועט מיך ניט לאזען לאנג ווארטען און שיקען די הילף פאר מיין ליבען קינד.

פריידע מאנדעלבוים.

F. MANDELBAUM
Ulm. Hindenburg Gass
I. R. D. Team 525, Block B-53
U. S. Zone, Germany

אויסשניט פון „אמעריקאנער" פרייטאג, אוגוסט 20, 1948

## מעטה ווערטהיימער דריקט אויס איהרע הארציגע ברכות און דאנקט צו אלע מנדבים

זעהר ווירדיגע בעלא ברין :

איך שיק אייך די ליסטע פון די גוט־הארציגע לעזער פון „אמעריקאנער", וועל־כע האבען מיר צוגעהאלפען אין דער

הייליגער ארבייט פון העלפען ראטעווען א מענשען. איך האב געארבייט אביסעל אנגעשטרענגט מיט ענטפערען אלעמען, אפשיקען דאס געלט, דעפאזיטען, שיקען די מעדיצין, א. א. וו., אבער די מצוה איז ביי מיר טייער. צעהנדליגער טויזענט־ער דאלאר קענען דאס ניט ביי מיר אפקויפען, איך האב א הימעלשע פרייד, ווען איך לעז די בריוו פון מר. אפעלשטיין, אז עס געהט איהם ב"ה צום בעסערען. ווי דערהויבען איך פיהל זיך, פריהער דאנק איך השי"ת פאר דעם זכות און דאן א דאנק אייך, וואס איך האב דערגרייכט צו דער גרויסער טהאט.

איך דריק אויס מיינע הארציגסטע בר־כות און דאנקבארקייט צו די אלע טייע־רע נאבעלע מענשען, וועלכע האבען מיט־געהאלפען מיט געלט, אויך האבען אויף מיר געמאכט א טיפען איינדרוק די האר־ציגע בריוו באגלייט מיט די „דאניישאנס", ווי נאבעל און ערהאבען איז אונזער פאלק, נישט אומזיסט זיינען מיר די אויסער־וועהלטע ביי אונזער באשעפער. מיין אהבת ישראל איז ביי מיר געוואלדיג געשטיגען, ווי אידישע ווארימע הערצער האבען מיט־געפיהלט און דערהערט דעם רוף נאך הילף פון טויזענטער מיילען איבער'ן גרוי־סען אטלאנטיק. ביי קיין אנדער פאלק הערט מען ניט אזעלכע טהאטען, אך, ווי גוט ווען מיר װאלטען זיין ארגאניזירט, ווי עס האבען שוין געשריבען וועגען דעם מר. שלאסמאן און מר. זאלצמאן. מען דארף די נאבעלע אידעע זעהר ערנסט נעמען. מיר זיינען פיעל שולדיג אונזערע טייערע ברידער און שוועסטער, וועלכע לײדען נעבעך פיזיש און גייסטיג, איבערהויפט אין די לאגערען.

עס איז אומעגליך פאר דעם „דזשאינט" אדער אנדערע ארגאניזאציעס צו שטיצען אלעמען פולע הונדערט פראצענט. איך בין וועגען אלץ אינפארמירט פון אן אנפאר־טרויטער, זעהר עהרליכער פערזאן, וואס איז לעצטענס געקומען פון דעם עמק הבכא, וואס עס מיינט דארט דאס ביסעל שטיצע פון פריוואטע פערזאנען ווי אר־גאניזאציעס, ווען מען קריגט דארט בלויז א בריוו פון עמיצען, איז א יום טוב, אי־בערהויפט אביסעל גוטע שפייז, קליידונג, א. א. וו., זיי וועלען דאך ניט ח"ו דארפען זיין אונטער שטענדיגער שטיצע, מען האפט ביז צוויי יאהר וועלען שוין די לאגערס אויפגעלייזט ווערען, די אידען וועלען זיך באזעצען אין אונזער הייליג לאנד בעז"ה אבער ביז דאן, איז אונזער הייליגע פליכט און חוב זיי צו שטיצען דארט, די שווערגעפרואווטע, די געליי־טערטע, אפגעשוואכטע אידען.

ווי שוין אויבען דערמאנט. דער „דזש־אינט" זאל לעבען, ווי געטריי און עהרליך זיי באמיהען זיך צו העלפען, איז פארט אונמעגליך אלעמען אינדיווידועל צו באפ־רידיגען מיט אלץ. ווען איך האב אביסעל

מעהר הילף וואלט איך פיעל מעהר גע־קאנט אויפטהאן.

מיר הערען אפט פון פערזאנען ווי זיי זאגען, מען מוז זעהן צו הרג׳ענען אבי־סעל צייט („טו קיל טיים״), מיט שפילען אין קארטען, א. א. וו., איך קען בישט פארשטעהן אזעלכע מענשען, עס איז דאך דא אזוי פיעל ארבייט, ווען מען וויל טהאן, אז עס פעהלט גאר אויס צייט צום שלא־פען. מען דארף ברענגען הילף, טרייסט און שטיצע פאר די ליידענדע. ניט נאר הער איך דאס רופען נאך הילף פון ווייט, ווייט איבער די ימים, נאר איך זעה מיט מיינע גייסטיגע אויגען די אומעטיגע פאר־שוואכטע קינדערלאך, די מאמעס, ווי זיי ליידען נעבעך ווען זיי קענען ניט נאכקו־מען די פארלאנגען פון זייערע געציטערטע טייערע קליינע קינדערלאך.

איך בין געוואלדיג נייגעריג צו הערען וואס אונזער ווירדיגע משפחה לעזער פון „אמעריקאנער״ האבען צו זאגען וועגען דעם, אבער עס איז ניט קיין צייט פיעל צו ריידען, מיר דארפען זיך נעמען צו דער הייליגער ארבייט, מיר זאלען חס ושלום נישט פיעל פארשפעטיגען.

איך האב ב״ה געענטפערט די צוויי נייע אפילס פון א לאגער אין עסטרייך, געדרוקט דעם 9טען יולי און דעם 16טען יולי. פון איינעם האב איך שוין ענטפער, אז ער האט באקומען דאס געלט. איך שיק איצט א פאקעט מיט קליידער צו דעם זעלבען.

א געטרייע טאכטער פון פאלק ישראל און פון הייליגען לאנד.

מעטה בת בלומה ווערטהיימער.

מיט צופרידענהייט דרוקען מיר דעם בריוו פון פרוי ווערטהיימער. איך בין זי־כער, אז איהרע הויכע, נאבעלע איידעלע ווערטער וועלכע קומען פון טיפען הארצ־ען, וועלען זיכער אריין אין די הערצער פון די וועלכע וועלען דאס לעזען פונקט ווי עס איז אריין אין מיין הארצען. אזעל־כע פרויען ווי פרוי ווערטהיימער וואלטען מיר בעדארפט האבען א סך מעהר. אזעלכע ווי זי דארף דאס אידישע פאלק האבען, און איך מיין, אז עס וואלט ווירקליך גע־ווען א שעהנע זאך ווי הערר שלאסמאן האט פארגעשלאגען, אז עס זאל זיך שא־פען אן ארגאניזאציע פון די לעזער פון „אמעריקאנער״, וואס זאלען העלפען די אלע וועלכע ווענדען זיך צו דעם „ווינקעל״. דאס וואלט ווירקליך געווען א פיינע זאך, און פרוי ווערטהיימער איז וויליג צו אר־בייטען אין דעם און זי האט שוין געוויי־זען א ביישפיל. טא, ווער עס וויל זיך אנשליסען אין דעם, דארף קומען אין קאנטאקט מיט פרוי ווערטהיימער.

איך מוז אבער באמערקען, אז איך האב געלעזען א בריוו פון א לעזער און ער דריקט זיך אויס, אז ווען עמיצער ווענט זיך ווענדען צום „ווינקעל״, וועט מען פרעגען

בעלא ברין, און זי וועט זיכער וויסען ווע־מען מען דארף יא העלפען און וועמען ניט, ווייל איהר זיינען באקאנט די קייסעס און זי וועט קיין טעות נישט האבען און מען וועט העלפען נאר די ראיעלע ריכטי־גע קייסעס, וויל איך דא זאגען, אז איך וויס נישט מעהר וועגען די קייסעס ווי איך לעז עס אין בריוו וואס איך דער־האלט, און איך דרוק עס אפּ. אבער איך האב ניט קיין אגענטען צו געהן אינוועס־טיגעיטען (אונטערזוכען) די קייסעס. דאס איז ניט מיין ארבייט און אויב ווער עס וויל זיך איבערצייגען אין דער ראיעלקייט פון דער קייס, מוז דאס אליין טהאן, אנפרע־גען ביי יענע אידישע קאמיטעטען אדער שטאדט רבנים אדער וועלכען אנדערען וועג. איך נעם נישט די פאראנטווארט־ליכקייט אויף זיך, מען וועט קאנען אונט־ערזוכען אדער נעמען א טשענס, אז עס איז גוט און עהרליך, אבער דורכאויס אויף דער אייגענער פאראנטווארטליכקייט.

איך וויל אז מען זאל דאס ריכטיג פאר־שטעהן. די רעדאקציע האט מיט דעם נישט וואס צו טהאן, דער „אמעריקאנער" גיט בלויז די פריווילעגיע די לעזער צו טהאן דאס וואס זיי ווילען אין העלפען די בויט־באדערפטיגע און גיט אפּ די שפאלטען פון דעם קאלום פאר דעם.

איך ווינש פרוי ווערטהיימער גליק אין אלע איהרע אונטערנעמונגען. זאלען אי־הרע הענט געשטארקט ווערען אין דער גוטער הילף־ארבייט פאר די עלענדע, אומ־גליקליכע מענשען.

בעלא ברין.

---

## זיי דאנקען פאר דער הייל־מיטעל סטרעפטאמיצין

די פּרעזידענטין פון דער „רפואה וחיים" מעטה ווערטהיימער, פון 1819 נעדרא עוועניו, פילאדעלפיע, פּא. האט מיר אי־בערגעגעבען א פּעקעל בריף פון די קראנ־קע אין די לאגערן און אין שפּיטאלען און סאניטאריומס וואס האבען דערהאל־טען די סטערפטאמיצין און עס האט זיי געהאלפען, זיי בעסערען זיך יעדען טאג. מיר גיבען דא צוויי בילדער פון שלמה גאלדענבערג, פון רומעניע, איין בילד צייגט פון פאר דער רפואה, און דאס צווייטע פון נאך נעמען די מעדיצין.

דאס זיינען די נעמען וואס באדאנקען פאר דער הילף פון דער „רפואה וחיים": שלמה גאלדענבערג דאנקט פאר די ערש־טע 30 גראם, ראזא מינסקא פון לאדז, פוילען, דאנקט פאר דעם דריטען פּעקעל מעדיצין, העלענע שאקאוויץ פון טשעכא־סלאוואקיע פאר 120 גראם, הירש אברא־האם פון רומעניע, דאנקט פאר די צווייטע

30 גראם, הרב אהרן פארקאש פון מאטע סאלקא, רומעניע, דאנקט פאר 20 גראם, שרה פריינד, פון אטוואצק, פוילען, דאנקט 15 גראם, ד. גראבסקי סאנאטאריום אין אטוואצק, ענטפערט אויף פארשידענע סאר־טן מעדיצין וואס ער האט דערהאלטען, יהושע גאלדבערגער פון לאגער היידענ־היים, דייטשלאנד, דאנקט פאר די מעדיצין פאר זיין ברודער שמואל גאלדבערגער, מארקוס שטיקלער פון חיפה, שרייבט אז די פיס וואס ער דארף האבען דארפען קאסטען הונדערט און צוואנציג פונט, ער לייגט אויך ביי א באשטעטיגונג פון די „הסוכנות היהודית לארץ ישראל", אז אל־עס וואס ער שרייבט איז ריכטיג און רא־יעל, ער האפט שוין אויף דער צייט ווען ער וועט זיך קאנען שטעלען אויף די פיס און פארדינען זיין ברויט.

רבקה פוקר פון איטאליע, א קוזינע פון ר' דוד נתן לעססער פון ברוקלין שרייבט פאלגענדעס:

געעהרטע פרוי ווערטהיימער:

איך האב דערהאלטען די ערשטע 25 גראם סטרעפטאמיצין, פון טיפען הארצען טו איך אויסדריקען מיינע דאנקען צו אייך פאר דעם נאבעלען טאט אבער איך קאן נאך ניט אנפאנגען צו באנוצען זיי, ביז איך וועל ניט האבען די גאנצע דאזע וועל־כעס איז 60 גראם, ווייל עס קאן זיין איך זאל בלייבען אין מיטען און ניט האבען ווייטער צו מאכען די איינשפריצונג, קען דאס מיר ניט ברענגען קיין נוצען נאר פארקערט, שאדען. אזוי האט מיר געזאגט דער דאקטאר, אויך גיט ער מיר האפנונג, אז איך וועל די קורע מאכען, וועט שוין ניט אוועק קיין פיל צייט און איך וועל מיט ג' זיין הילף קענען פארען נאך ארץ ישר־ראל. איך קען מיר דאס ניט פארשטעלען צו עס קען זיין א ווירקליכקייט.

איך דאנק אייך נאך אמאל און איך וויל האפען דאס אין דעם זכות וועט איהר קיינמאל ניט וויסען פון צרות און קראנ־קהייטען.

רבקה פוקר,

רוים, איטאליע.

עס איז אונמעגליך צו שרייבען אלע בריף, עס וואלט פארנומען צופיל פלאץ, אבער יעדער בריף איז אויסגעדריקט מיט הארציגע דאנקבארקייט צו די „רפואה וחיים" וואס זיי האבען ממש מחיה־מתים געווען אזוי פיל מענשען, ווער עס וויל העלפען אט די עלענדע קראנקע מענשען פון אונטערגאנג, דארף העלפען דורך די ארגאניזאציע וואס האט זיך געשטעלט די הייליגע אויפגאבע צו ראטעווען מענ־שען זייערע לעבענס.

בעלא ברין.

# דריקט אויס איהר דאנקבארקייט פאר די סטרעפּטאמיצין

אט דעם בריף האט מיר צוגעשיקט מרס. ווערטיימער די פּרעזידענטין פון „רפואה וחיים":

ליבע פריינדין ווערטהיימער, —

דאס ערשטע וואס איך מוז אייך מיטטיילען איז, אז איך האב שוין דערהאלטען דאס ערשטע פּאקעט סטרעפּטאמיצין, איך דאנק אייך אזוי, אז איך קען ניט אפילו שרייבען ווי דאנקבאר איך בין, אייך מוז די אלע דאנקען זיין באקאנט, ווייל איהר טוט זעהר פיל מיט דער הילף פון די לעזער פון „אמעריקאנער".

ליבע פריינדין, איהר ראטעוועט מיין מאן און דאס איז פאר מיר אלץ, מיינע קינדער פרייען זיך אז זייער פאטער וועט געזונט ווערען און וועט אהיימקומען, איך שרייב אפשר קינדיש, נאר די פרייד מיינע איז אזוי גרויס, אז איך געפין ניט קיין פּאסיגע ווערטער, איך האב אין לעבען ניט געטרוימט אפילו אז איך וועל באקומען די מעדיצין פאר מיין מאן, און אויב איך האב געשריבען, האב איך געשריבען פאר דעם איך זאל האבען א ריין געוויסען אז איך טו אלץ אז מיין מאן זאל זיין געזונט. און אט האבען זיך אפּגערופען גוטע מענשען וועלכע האבען מיין ט..זים ערפילט.

אויף וויפיל דאס אלץ איז אמת, וועט אייך שרייבען א מענש וועלכער געפינט זיך אויך אין דעם זעלבען סאניטאריום, זיין נאמען איז אפּעלשטיין, ער קארעספּאנדירט זיך שוין מיט אייך לאנג און ער ווייסט פון אייערע גוטע טאטען און ער דער מענש ווייס אלץ, ער וועט אייך דעם ריינעם אמת שרייבען, אויב איהר וועט זיך ביי איהם אנפרעגען.

איך האב אייך געשיקט א באשטעטיגונג פון מיין מאן'ס דאקטאר און א באשטעטיגונג פון דער אידישער קאמעטעט.

ליבע פרוי ווערטהיימער, אויב מעגליך, שיקט ארויס צו די 15 גראם וואס איהר האט געשיקט, נאך 50 גראם, פאר דעם אנפאנג היילונג, וואלט איך געווען א גליקליכע, שטעלט אייך פאר מיין טייערע, אז מיין מאן איז אזוי געפאלען ביי זיך אז אלץ מוז איך איהם ערליידיגען, און אז מיין מאן וועט געזונט זיין אז איך וועל פאר איהם האבען אלץ געטאן מיט אייער הילף, ווער וועט זיין גלייך צו מיר, ער איז דער פאטער פון מיינע קינדער, מיר איז אזוי שלעכט אליין מיט צוויי קינדער, איך קען די קינדער גארניט געבען, איך אליין ארבייט אין פּארשול אלס לערערין און איך האב א הארץ פעלער און דאקטוירים הייסען מיר ניט ארבייטען, וואס קען איך זיי געבען? גארניט! אלעס איז טייער אבער ווען מיין מאן וועט זיין געזונט, וועט ער ארבייטען, וועל איך זיי קויפען וואס זיי

בעטען זיך און דער שענסטער טרוים מייי־
נער איז ווען מיר וועלען אלע זיין אין אונ־
זער לאנד ארץ ישראל.

מיט פיל דאנקבארקייט און אלע ברכות.

ROZA MINSKA
Ul. Wieckowskiego No. 4015
Lodz, Poland

מרס. ווערטהיימער שרייבט מיר אז זי
שיקט גלייך ארויס די פארלאנגטע 50
גראם סטרעפטאמיצין, און עס איז איבעריג
צו עפעס צוצוגעבען צו דעם בריף, מען
דארף נאר זאגען אז עס איז א פרייד און
נחת צו הערען וואס די „רפואה וחיים"
טוט און געבענשט זאלען זיין די אלע
וואס האבען א חלק אין דעם.

בעלא ברין

# די ווירקונג פון איהרע טרייסט־ווערטער

דאס איז א בריף פון א קראנקען אין
דייטשלאנד צו מרת ווערטהיימער:

טייערע פרוי ווערטהיימער!

היינט, ערב יום כפור, האב איך אייער
בריף דערהאלטען. אבוואהל היינט איז ביט
דיא צייט צו פארנעהמען זיך מיט שרייב־
עריי, דאך וויל איך מאכען אן אויסנאהם
און איך אין דעם ערנסטען הייליגען מא־
מענט, ווען יעדעס באשעפעניש ווערט
גע׳משפט, אייך מיינע הארציגע ברכות און
דאנק אויסדרוקען. איך וויל, אז מיינע
ברכות זאלען זיך אויסמישען אויך מיט
אנדערע ברכות פון די פילע מענשען ליי־
דענדע און פארוואגעלטע וואס איהר העל־
פט זיי און דערמוטיגט זיי הן מאטעריעל
און הן גייסטיג און זאלען מאכען דעם
ריכטיגען רושם אין הימעל.

ליידער, מוז איך נאך א צייט פאר־
בלייבען אין דייטשלאנד צוליב מיין שוואַ־
כען געזונט צושטאנד, און א פעקל וואלט
מיר זעהר צונוץ געקומען, אויב עס איז
מעגליך, ביטע מיר צו שיקען עטליכע
פושקעס קאפע, ביטערע קאקא, אביסעל
טיי און שאקאלאד. פאר דיזע ארטיקלען
קען איך מיר באזארגען אלע נויטיגע זא־
כען, וואס איך דארף האבען פאר מיין
געזונט.

איך נויטיג זיך אויך אין עטליכע העמ־
דער, נומער 42, און ווארימע זאקען,
א. א. וו.

מעכעל געלערענטער.
באמבערג, דייטשלאנד.

# אן אָפענער בריף פון מרת ווערטהיימער

אונזער אלעמענס באליבטע הארציגע פריינדין בעלא ברין:

ביטע אין נאמען פון די פילע קראנקע שוועסטער און ברידער צו דרוקען שנעל מיין אפיל צו אונזערע טייערע לעזער פון באליבטען „אמעריקאנער" וואס גיט אזוי פיל הילף צו אונזערע ליידענדע אין אלע עקען וועלט, זייט אלע געבענשט מיט די ברכות פון די הייליגע תורה.

צו אונזערע חשוב׳ע משפחה לעזער: — שוין א צייט ניט געשריבען צו אייך וויל עס מאנגעלט אין צייט, מיט די מנדבים צו די „רפואה וחיים" שרייבען מיר זיך אפטער דורך, איצט קום איך צו אייך, בעסער געזאגט עס שרייען צו אייך דורך מיר פארצווייפעלטע קראנקע, מיר האבען צו זיי געשיקט די ערשטע קוואנטום מע־דיצין און מען איז געבליבען שטעהן אין מיטען די קוראציע, מען פאדערט נאך פילע הונדערטער גראם סטרעפטאמיצין צו קורירען די קראנקע לונגען, פון אלע עקען וועלט שטורעמט מען צו אונז פאר מעדיצינישע הילף. עס ווייטאגט דאס אי־דישע הארץ, איך בין גרייט צו פאר׳מש־כנ׳ענען מיין צירונג און פוטער־מאנטעל אבער דאס איז ניט גענוג.

הארציגע אידישע קינדער, לאזט ניט אויסלעשען פון די וויניג געבליבענע אי־דען אין אייראפע, לאזט ניט דורך די היס־טארישע צייט. ווען מען קען מיט געלט שטיצע האבען א חלק אין ראטעווען א טייער אידיש לעבען.

איך בין פארצווייפעלט, בין פארפלייצט מיט בריף פאר הילף, טייערע פריינד, האט רחמנות אויך אויף מיר, שיקט שנעל די נויטיגע הילף און מיר זאלען קענען באלד שיקען די פולע קוואנטומס מעדיצין, מיר זאלען ח"ו ניט פארזאמען.

פאר די זיכערע עקזיסטענץ פון די „רפואה וחיים" וואלט אמבעסטען געווען אז די אידעלע פרויען זאלען זיך ארגא־ניזירען אין „ברענטשעס" צו שטיצען די גרעסטע הייליגסטע צדקה.

זייט אלע געזונט און שטארק, איך האף באלד צו הערען פון אייך, איך האף פאר די גליקליכע צייט ווען מיר וועלען, אלע לעזער, פון די פאראייניגטע שטאאטען און קאנאדע אפהאלטען א וויכטיגען יערליכען קאנווענשאן אין ניו יארק, אום מיר, די גרויסע משפחה לעזער, כן ירבו, פון בא־ליבטען „אמעריקאנער" זאלען זיך באקע־נען, עס איז שוין צייט. און אויך דאן אי־בערגעבען די פולע ראפארט פון די „רפואה וחיים" און אנדערע טעטיגקייטען לטובת הכלל וואס דער „אמעריקאנער" גיט די פולע הילף.

פון אייער אלעמענס גוטווינשענדע פ־ריינדין און שוועסטער וואס איז טריי צו

די געבאט פון אונזער הייליגע תורה, און א טרייע טאכטער צו אונזער פאלק און ליכטיג לאנד מדינת ישראל.

מעטה בת בלומע ווערטהיימער,
פרעזידענטין

מר. קוק און מרת אדעלמאן,
וויס פרעזידענטס
מר. טשארני, רעק. סעקרעטאר
מר. וואלף ווערטהיימער,
קארעספאנדינג סעקרעטאר
מר. לואיס אדעלמאן, קאסירער

---

## זיי דאנקען פאר די הילף

די פאלגענדע מענשען דאנקען פאר דער הילף פון „רפואה וחיים" וואס זיי האבען דערהאלטען:

טבל קניי, פון פאריז פראנקרייך, פאר צעהן דאלאר, (זיי העלפען אויך מיט בא־רעס געלט אין אויסנאמס פעלע, וואס איז זעהר נויטיג און עס קומט א באשטעטי־גונג פון די דארטיגע אויטאריטעטען), מר. ווייסבערג, פון איטאליע דאנקט פאר שפייז מיט קליידונג, צוויי ישיבה בחורים פון שוועדען, עלענדע יתומים, דאנקען פאר שטענדיגע געלט־שטיצע וואס באנוצען דאס צו קורירען די לונגען. יחזקאל הער־מאן פון דער שווייץ שרייבט פאלגענדעס:

חשוב׳ע פרוי ווערטהיימער, אייער בריף און אייער געלט־שטיצע דערהאלטען פאר וועלכען איך דאנק הארציג, עס איז זעהר אנגענעם צו וויסען דאס מען האט עמיצען אויף דער וועלט ווער עס קימערט זיך מיט מיר, איך בין 22 יאר אלט. איך בין פון זיבענבערגען, בין געווען א יאר אין קאנ־צענטראציע לאגער, בין באפרייט געווארען דורך די אמעריקאנער ארמיי, נאך דעם באפרייאונג האט מען קאנסטאטירט דאס איך בין לונגען־קראנק, עס האט מיר פא־סירט נאך אן אומגליק, נעמליך, פון די דורכצוג אין לאגער, זיינען מיר די טרא־מעלפעלע דורכגעריסען געווארען, אזוי, אז איך בין געבליבען אביסעל שווער־העריג (טויב), מיט די לונגען געהט עס בעסער ב"ה, איך וועל איה"ש אנפאנגען לערנען א מלאכה, דאס געהער האט זיך מיר אויך געבעסערט, אבער איך בין נאך אלץ ניט גוט, איך נוץ אויס די צייט מיט לערנען שפראכען, איך לערען עברית און ענגליש, איך האב אויך יעדע וואך א פאר שיעורים גמרא.

איך שליס מיין בריף און ווינש אייך אלעס גוטעס.

אייער דאנקבארער פריינד,
יחזאקל הערמאן, שווייץ

---

אויסשניט פון „אמעריקאנער", פרייטאג, סעפטעמבער 1, 1950

# א דאנק פון מעטה ווערטהיימער צו די לעזער פון „אמעריקאנער" און צו אלע שטיצער פון דער „רפואה וחיים סאָסייעטי"

טייערע פאמיליע לעזער פון „אמערי־קאנער" און אלע וועלכע שטיצען און העלפען די „רפואה וחיים":

איך וויל דא אויסדריקען מיין האר־ציגסטען דאנק צו אייך, פאר אייער נאבע־לע שטיצע וואס איהר האט ארייגעשיקט צו דער „רפואה וחיים" ביז היינט און האט מעגליך געמאכט דאס מיר האבען הונדערטער מענשען גערעטעוועט פון די נעגעל פון מלאך המות און געשטעלט זיי אויף די פיס א דאנק פריהער דעם אלמעכ־טיגען און דאן אייך, טייערע גוטע הער־צער, וואס איהר שטעהט שטענדיג גרייט מיט אייער הילף.

ליבע פריינד, וויל די „רפואה וחיים" איז אזוי פאפולער געווארען איבער דער גאנצער וועלט צוליב די טייערע אידישע לעבענס וואס מיר האבען גערעטעוועט ביז היינט, האט אבער אנגעפאנגען שטראמען מיט זעהר פיעל בריוו, נייע קייסעס פאר הילף, פאר טרעפטאמיצין, פאר פעניסילין, און אנדערע מעדיצינען, שפייז, קליידער, א. ז. וו.

מיר האבען איצט ליגען פופציג נייע איבערצייגטע „קייסעס" אונטערזוכטע שו־ין, וועלכע ווארטען פאר אונזער הילף, און מיר דארפען זיי באלד שיקען. אבער וואו זאלען מיר נעמען אזוי פיל געלט? מעהר קייסעס קומען אריין ווי געלט, און מיר זיינען פארצווייפעלט, וועלכע זאלען מיר יא העלפען און וועלכע ניט? מיר ווילען דאך אלעמען העלפען, וואס זאלען מיר טאן? גיט אונז אייער ענטפער. עס איז איצט פאר ראש השנה, מיר וועלען באלד בעטען דעם רבונו של עולם אין די תפילות ראש השנה ער זאל אונז געבען געזונט, לעבען, פרנסה, נחת פון קינדער, און ווער עס איז קראנק, בעט א רפואה שלמה. בעט איך אייך, טייערע אידישע גוטע הערצער, העלפט די קראנקע שוועס־טער און ברידער דארטען אין אייראפא וועלכע ליגען קראנק אין די סאניטאריומס און אין די שפיטעלער, מיט די שרעק־לעכע קראנקהייט טובערקולאז, און זיינען פארצווייפעלט. די איינציגע רעטונג איז איצט די סטרעפטאמיצין, וואס מיר האבען אין אמעריקע, און מיט דעם קאנען מיר זיי העלפען און שטעלען צוריק אויף די פיס. און אז מיר אלע וועלען טאן און צו־לייגען א האנט צו דעם און העלפען רעטען די אידישע לעבענס, וועלען מיר מיט א לייכט הארץ ראש השנה אין שוהל בעטען

די אלע גוטע זאכען פון דעם אלמעכטיגען, און ער וועט אונז זיכער צוהערען. מיר ווילען האבען געזונט, זאלען מיר פריהער העלפען יענע געזונט צו ווערען. מיר ווילען העלפען ג־ט׳ס קינדער, ווילען מיר אליין געהאלפען ווערען, און אונזערע תפילות ווילען אנגענומען ווערען צום גוטען, מיר ווילען פיהלען גוט, רוהיג, און גליקליך.

איך בעט נאך אמאל רחמנות צו האבען אויף די אונגליקליכע אידען דארטען, וועלכע האבען זיך געראטעוועט פון די קאלד־איוווענס און גאז־קאמערען אבער האבען אבגעשפארט די טויטליכע קראנקהייט „טי בי", לאמיר זיי העלפען און ג׳ וועט אונז העלפען, און ער וועט אונז אנשרייבען א גוט, יאהר מיט אלעס וואס מיר בעטען ביי איהם.

אין נאמען פון די „רפואה וחיים" ווינשען מיר אייך א כתיבה וחתימה טובה, א שנת גאולה וישועה, א שנת פרנסה, א שנת שלום וברכה, מיר זאלען אויסגעהיט ווערען פון מלחמה, מאמעס הערצער זאלען מעהר נישט צעבראכען ווערען, פאמיליעס זאלען נישט צעריסען ווערען. עס זאל זיין אן אייביגער שלום. לאמיר געבען צדקה, צדקה תציל ממות.

מיט גרויס אכטונג און איבערגעבענהייט, אייער,

מעטעה ווערטהיימער.

פרעז. פון „רפואה וחיים"

מיט׳ן גאנצען הארצען ערפיל איך דעם וואונש פון מרת ווערטהיימער און דרוק איהר בריף, וועלכען מיר פיהלען, אז עס איז דברים היוצאים מן הלב, און זיכער וועט אריין אין די הערצער וואס וועלען לעזען די ווערטער. געבענשט זאל זי זיין פאר איהר איבערגעגעבענהייט צו העלפן אונזערע איבערגעבליבענע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. גראד האב איך געהאט די געלעגענהייט צו זיין אין סאראטאגא ספרינגס, אין דער זעלבער צייט מיט מרס. ווערטהיימער, און איך האב געזעהן ווי זי האט איהרע טעג אוועקגעגעבען צו שאפען געלט פאר די „רפואה וחיים" אנשטאט צו פארגינען זיך אביסעל רוה וועלכע זי האט כשר פארדינט נאך א יאהר שווערע ארבייט. זי איז געקומען זיך טאקע אבצורוהען, אבער זי האט זיך ניט פארגינען ווייל דארטען אויף יענער זייט, ווארטען מענשען אויף די מעדיצין, אויף די הילף, און זי האט ניט געפונען קיין רוה, ביז זי האט נישט געשאפען אביסעל געלט.

זאל זי זיין געזונט און אלע וואס העלפען איהר מיט אין דער ארבייט און יעדער וואס טוט ביישטייערען צום גרויסען הייליגען צוועק.

בעלא ברין.

דער אדרעס פון די „רפואה וחיים" איז:
REFUA VECHAIM SOCIETY
1819 Nedro Ave.
Philadelphia, Pa.

# די פאלגענדע דאנקען פאר שטיצע

בלומע שטערן, פון פתח תקוה, דאנקט פאר א פאקעט קליידונג, בעט נאך פיל שטיצע, פאר איהר ברודער און שוועס־טער פון ישראל. בראינע בערקאוויץ, פון וואסלוי, רומעניע, פאר דעם פערמיט אויף א פאקעט קליידונג, זי בעט נאך שטיצע פאר צוויי עלענדע יתומות. אייזענפעלד פון וואסלוי, פאר אינסולין (צו דעם קראנקען ווערט געשיקט אפט אינסולין, זאנסט קען ער ניט ארומגעהן), ער ליידעט אויף „דייע־ביטיס". וויזעל, פון סאקמער, רומעניע, פאר דרינגענדע שטיצע, פאר דרייסיג ג־ראם סטרעפטאמיצין און וויטאמינס. צבי לעדערמאן, פון לינץ, פאר ארויסגעשיקטע מעדיצין. כהנה מיט הערמאן פאר $5 קעשׂ. יעקב גליקמאן פון טעמעשוואר, פאר מע־דיצין און שפייז און קליידער, די פאמיליע באשטעהט פון צוועלף פערזאן, אלע שוואַ־כע, ניט ערנערט. אברהם קליין פון דע־ווענסדורף, שווייץ, פאר די מאנאטליכע $3 שטיצע, ער קען געברויכען פיל מער. יחי־אל פון יאסי, דאנקט פאר דעם פאקעט קליידונג. צארניצקי און פעלדמאן, פון אטוואצקער סאניטאריום, פאר 48 גראם סטרעפטאמיצין. יצחק אינפעלד, פון דייטשלאנד, פאר דרייסיג גראם.

---

# דאנק אויסדרוק צו „רפואה וחיים"

זעהר חשוב'ע מַעטעה ווערטהיימער, פרעזידענטין:

איך דריק אויס מיין איניגסטען דאנק ווי אויך אין נאמען פון די אנגעגעבענע אונטערשריפטען צו אייער ח' זאן קיין ירו־שלים פאר די 35 דאלאר סקריפט פון „שובע". זאל אייך השם יתברך שענקען פיל יארען מיט פרייד און נאך זוכה זיין צו טאן אזעלכע מצוות ומעשים טובים פאר עם ישראל בארץ ישראל.

גברת ווערטהיימער!

א בליק טוענדיג אין „אמעריקאנער" זע איך אייער חשוב'ען נאמען ווי איר שט־רעבט אזוי אפפערוויליג און אומדערמיד־ליך פאר דער „רפואה וחיים". און דער־נעבען זע איך א רשימה פון ביישטייערער מיט זעהר א קליינער סומע, אז כמעט א ישראל בירגער קען זיך באלד פארמעסטען מיט דעם מעות חטים פון א טייל אמע־ריקאנער ברידער און שוועסטער פון אייער רשימה. כ'בעט אייך, חשוב'ע פרעזידענ־טין, זייט נישט בייז פאר'ן אמת.

און איך, הצעיר, מוז אויך מודה זיין, אז

איר האט נאר זכות אבות און סיעתא דש־מיא אויפצוהאלטן אזא שיין פארצווייגטע אינסטיטוציע ווי „רפואה וחיים״, מיט רפו־אות, קליידונג און סקריפטען, וואס איר ברענגט אריין א זונענשיין אין פילע פאר־צוויפעלטע אידישע הערצער און אויך א טייל, וואס לעבען אין מעברות, געצעלטען, צריפים א. א. וו. אויף אייער וואונש שטעל איך אייך צו נאך א ליסטע פון נויטבאדער־פטיגע פערזאנען, אבער פארבארגענע, וואס האבען אמאל אנדערע געשטיצט, ווייל כי־דוע איז א גלגל החוזר בעולם, ווי מען זאגט, דאס רעדעל דרייט זיך.

און דורך אייער מתנה האב איך מיינע זייטיגע אנגעהעריגע אויך אביסעל פאר־גרעסערט די הילף אויף פסח און עטוואס פאר די הוצאות וועגען „רפואה וחיים״. ורב תודות!

דערמיט שליס איך מיין שרייבן מיט די בעסטע גרוסען און פיל הצלחה אין אייער ארבעט מיט אלע אייערע מעמבערס און באאמטע.

אייער א לאנדסמאן,

אליעזר בן אהרן מליק.

---

אויסשניט פון „אמעריקאנער״, פרייטאג יולי 14, 1950

## א באריכט פון דער ערשטער קאנוועגשאָן פון „רפואה וחיים״

מיט פארגעניגען גיבען מיר אפּ א באַ־ריכט פון דער ערשטער קאנוועגשאן פון דער „רפואה וחיים סאסייעטי״ וועלכע איז פארגעקומען זונטאג, דעם 11טען יוני אין „קלינטאן פלאזא״, 151 קלינטאן סט־ריט, ניו יארק.

עס איז געוועזן פארזאמעלט א גרויסער עולם ניט בלויז פון ניו יארק און פילא־דעלפיע, נאר פון פארשידענע שטעדט.

עס איז סערווירט געווארען א גרויסאר־טיגער לאנטשעאן און מוזיק האט געשפי־לט, חזן שפענגעליט האט געזונגען עט־ליכע נומערען פאסענדע זאכען.

דאַן איז די קאנוועגשאָן געעפענט געווא־רען פון ר׳ וואלף ווערטהיימער (דער מאן פון מעטע ווערטהיימער, די פרעזידענטין), דערקלערענדיג די גרויסע ארבייט פון דער „רפואה וחיים״, און באגריסט דעם גרוי־סען עולם. דאן האט ער פארגעשטעלט די טשערליידי פון דער ארגאנזשמענט קא־מיטע, העלען ספענגעליט, פון ניו יארק. זי האט באגריסט די געסט און געהאלטען א רעדע וועגען די גרויסע פליכטען וואס די „רפואה וחיים״ האט אויף זיך גענומען און אפעלירט צו אלע פרויען פון ניו יארק זיי זאלען זיך אנשליסען אין דער „רפואה וחיים״.

דער ספינקער רבי שליט״א האט גע־

האלטען א רעפעראט און דערקלערט ווע־
גען די הייליגע ארבייט וואס די ארגאני־
זאציע טוט אויף. ער אליין האט שוין
אריינגעגעבען צענדליגע קייסעס פאר
סטרעפטאמיצין און די קראנקע זיינען
געהאלפען געווארען. דער רבי איז ניט
לאנג אין לאנד, און אזוי ווי ער איז א
לאנדסמאן פון די חשוב׳ע מרת ווערטהיי־
מער, די פרעזידענטין, און ער האט גוט
געקענט די עלטערן און די משפחה פון
מרת ווערטהיימער, דאריבער קריגט ער
פילע בריף פון אייראפע פאר הילף און
עס איבערצוגעבען צו דער „רפואה וח־
יים". ער וואונדערט זיך ניט, וואס זי האט
אונטערגענומען אזא שווערע קאלאסאלע
ארבייט, ווייל זי איז ערצויגען געווארען
אין א הויז פון חסד און רחמים וואו מען
האט געגעבען א סך צדקה און געאפפ־
ערט זיך פאר יעדען נויטליידענדען מענ־
שען. ווער עס איז אריין הונגעריג איז א־
רויס א זאטער, עס איז געווען א „הכנסת
אורחים" און בית ועד לחכמים. דער רבי
פארזיכערט, אז דאס איז איינע פון די
הייליגסטע אינסטיטוציעס אין לאנד וואס
ראטעוועט אידישע לעבענס.

דאן ווערט אויפגערופען בעלא בריין,
די אנפירערין פון דעם „אינטימען וויב־
קעל" פון „אמעריקאנער" און זי ווערט
הארציג אפלאדירט פון די אנוועזענדע
געסט וועלכע זיינען אלע לייענער פון
„אמעריקאנער" און פון איהר קאלום און
איהרע פארעהרער.

מרס. בריין גיט איבער אין קורצען
א באריכט ווי אזוי עס האט זיך אנטוויי־
קעלט די „רפואה וחיים". ווי אזוי עס
איז געקומען צו דעם מען זאל שאפען
אזא ארגאניזאציע. די פירערין פון דער
„רפואה וחיים" איז פונקט אזוי ווי א
מאמע צו די עלענדע קראנקע מענשען,
אויף יענער זייט ים. זי שרייבט זיי טריי־
סט־בריף, אויסער די הילף וואס מען
שיקט און די טרייסט־בריף גיבען אריין
ניי לעבען אין דעם אומגליקליכען עלענ־
דען איינזאמען קראנקען מענשען. זי זיצט
אויף גאנצע נעכט, האלט משמורים, שרייב
אויף גאנצע נעכט, האלט משמורים,שרייב־
ענדיג בריף און פאקען אליין די מעדי־
קאמענטען און פאקעטען מיט שפייז און
קליידער.

דאן ווערט פארגעשטעלט דער באוואוס־
טער שרייבער פון דעם „מארגען זשורנאל"
אבא רייכמאן, און ער באגריסט אלעמען
און שילדערט די גרויסע ארבייט, וואס די
„רפואה וחיים" לייסטעט פאר אונזערע
אומגליקליכע שוועסטער און ברידער אויף
יענער זייט ים און עס איז צו פארדאנקען
די טרייהייט און איבערגעבענהייט פון די
פירער, וואס די „רפואה וחיים" טוט אזא
גרויסע ארבייט, און ווען אן ארגאניזאציע
האט אזעלכע פערזאנען אין דער שפיצע,
דאן קאן זי האבען א קיום.

די פרעזידענטין מרס. ווערטהיימער גיט

אפּ א באריכט פאר דער צייט וואס די „רפואה וחיים" עקזיסטירט. זי גיט איבער וויפיל מענשען מען האט געהאלפען, און אין וויפיל שטעט און לענדער און וויפיעל גראם סטרעפטאמיצין און פענעסילין עס איז ארויסגעשיקט געווארען, וויפיל פּאקע־טען קליידער און שפּייז. זי אפּעלירט צום פובליקום, זיך אפּצורופען און פאראינטער־סירען זיך אין די עלענדע מענשען פון יענער זייט ים, וועלכע ליגען קראנק און האבען קיינעם ניט, דאס דארף קיין געלט ניט קאסטען, זאל דארט א יתום אדער יתומה אדער עלענדע אלמנה פילען, אז זיי האבען ערגיץ ווייט איבער ימים א פריינד, א שוועסטער, וועלכע איז פאראינ־טערעסירט מיט זיי און עטליכע גוטע פרוי־ען האבען זיך אפּגערופען און פארלאנגט אז מרת ווערטהיימער זאל זיי צושיקען די אדרעסען און נעמען פון עלענדע מענשען.

פילע קאמיטעטען פון סאסייעטיס זיינ־ען געווען פארטראטען, צווישען זיי די „ליידיס פעני טשאריטי סאסייעטי אוו גרייטער ניו יארק", פון וועלכע בעלא ברין איז די פרעזידענטין.

דער חשוב׳ער ר׳ וואלף ווערטהיימער האט געמאכט אן אפּיל און א באדייטענדע סומע געלט איז געשאפען געווארען.

רעזאלוציעס זיינען אנגענומען געווא־רען ווי אזוי צו פארגרעסערען און פאר־שטארקען די „רפואה וחיים", איינע פון די רעזאלוציעס איז, אז אין ניו יארק זאל זיך גרינדען א „ברענטש" (צווייג) פון דער „רפואה וחיים", און באלד האט זיך די חשוב׳ע טשערליידי פון ארגאנזשמענט קא־מיטע העלען ספּענגעליט פון 68 קענאן סטריט, ניו יארק, זיך אפּגערופען אז זי איז גרייט צו דער ארבייט און זי וועט גרינ־דען א „ברענטש" אויף דער איסט סייד און אין גיכען וועט זי רופען א מאסמי־טינג. איהרע ווערטער זיינען אויפגענומען געווארען מיט באגייסטערונג.

עס האבען אויך באגריסט די קאנ־ווענשאן דער וויס פּרעזידענט מר. קוק, און ר׳ גדליה קאפּלאן. צום סוף, איז אויפגערופען געווארען דער איניציאטאר פון דער „רפואה וחיים" ר׳ ברוך שלאס־מאן, וועלכען עס איז איינגעפאלען דער געדאנק אז מען דארף גרינדען אזא אר־גאניזאציע, און זיין בריף איז געווען גע־דרוקט אין „אינטימען ווינקעל" אויף וועל־כען עס האבען זיך אפּגערופען פילע מענ־שען און צווישען זיי מעטע ווערטהיימער, וועלכע האט זיך גענומען צו דער ארבייט און דער חלום איז געווארען א ווירקליכ־קייט. ער האט גערעדט מיט טרערען אין די אויגען, אז ער פילט זיך גליקליך, וואס ער האט דערלעבט דעם נחת. און ער בעט אז אלע אידען זאלען העלפען און שטיצען די „רפואה וחיים". ער איז אפּלאדירט גע־ווארען פאר זיין שעהנע רעדע און אלע ווינשען איהם אריכת ימים ושנים.

## דאנקט דער „רפואה וחיים" און אויך בעלא ברין :

דער בריוו איז אן ענטפער פון א פרוי וואס האט צו מיר געשריבען אז זי נויט־יגט זיך אין אויגען־גלעזער און זי קאן זיך דאס ניט פארשאפען, זי האט שרעק־ליכע קאפשמערצען און זי מוז האבען ברילען און אויך א בקשה פאר אן „אמע־ריקאנער" וואס זי קאן זיך ניט פארשאפען. איך האב איהר בקשה וועגען די אויגען־גלעזער איבערגעשיקט צו דער „רפואה וחיים" און די בקשה וועגען אן „אמערי־קאנער" געדרוקט אין „ווינקעל".

און דאס איז איהר ענטפער :

פיל געשעצטע פרעזידענטין פון דער וועלט־בארימטער „רפואה וחיים" מעטא ווערטהיימער :

איך דאנק אייך פון מיין טיפסטען האר־צען, וואס איהר האט מיר געשיקט די ברילען. איך האב דערהאלטעןביידע פאר אויגען־גלעזער, איך זעה זעהר גוט אויף זיי. השי"ת זאל אייך דערלייכטען אייערע אויגען און איהר זאלט האבען א גליקליך לעבען מיט אייער פאמיליע און אלע מיט־גלידער פון דער ארגאניזאציע.

אן עקסטרא דאנק צו דער באליבטער בעלא ברין, און א גרויסען דאנק צו די פערזאנען וואס האבען מיר געשיקט „אמע־ריקאנערס", דאס איז מיין גאנץ לעבען, מיין בעסטער פארגעניגען.

מיינע טייערע, איך בין קראנק געווען אויף דער גריפ און ווען דער דאקטאר האט מיך באזוכט און מיך געטראפען לייע־נען דעם מאגאזין, האט ער מיר געפ־רעגט ווי אזוי איך האב געדולד צו לעזען דעם „אמעריקאנער" ווען איך האב אזע־לכע קאפשמערצען. האב איך איהם געענט־פערט, אז איך וועל דערפון געזונט ווערען.

זייט געזונט און גליקליך אויך בעלא ברין, וואס העלפט אייך מיט, און אלע מיטהעלפער.

חנה טשערבא.

מיין אדרעס :

ANNA CERBU
Rechov Stanton 23
Haifa, Israel

עס פרייט מיך פון גאנצען הארצען וואס פרוי טשערבא האט שוין איהרע פאר ברילען דערהאלטען פון דער „רפואה וח־יים", וואס טוט אויסערגעוויינליכע וואונ־דערליכע גוטע ארבייט לטובת אונזערע ברידער און שוועסטער אין אלע לענדער וואו זיי געפינען זיך און אויך אין ארץ ישראל. מען קאןווירקליך ניט גענוג אפשאצען זייער לייסטונג.

איך בין צופרידען אויך צו הערען, אז זי קריגט שוין דעם „אמעריקאנער" און זי האט מיט וואס די צייט צו פאר־טרייבען און האט דערפון פארגעניגען.

זאלען די גוטע מענשען זיין גליקליך וואס העלפען דעם נויטליידענדען.

בעלא ברין

---

## די מענשען דאנקען פאר הילף

פעדערשניידער, פון נהריה ישראל, פאר הונדערט טאבלעטען ריימעפוין. עלקא מא־ליק, פון צפת, פאר מעדיצין, און א פא־קעט שפייז. נחום זעליג שטערמבורג, פון חיפה, פאר א סקריפ פאר שפייז און א פאקעט קליידער. אברהם מאקס, פון חיפה, פאר א סקריפ מיט צוויי פאר אויגען גלע־זער. אנשעל ניילענדער פאר א סקריפ. אפעלשטיין פון אטוואצק, פאר א פאקעט קליידער. קארל שרייבער, פון פראג, טשע־כאסלאוואקיע, פאר קעש געלט. חנה רא־בין, פון פרדס חנה, פאר א פאקעט קליי־דער. מיכל לאנדמאן, פון גבעת־עדה, פאר שטיצע. מאלעק, פון צפת, פאר טייערע מעדיצין. (צו דער פאמיליע מוז מען שיקען אפט, ווייל דער פאטער פון די קינדער איז בלינד און קראנק, זיי נויטיגען זיך אין מער שטיצע).

---

## א בריף פון א רב צו די „רפואה וחיים"

חשובער פעראיין „רפואה וחיים":

עס ווילט זיך ביי דער געלעגענהייט אויסדריקען עפעס פון די געפילען וואס מיר האבען פאר אייער חשוב'ע ארגאני־זאציע וועלכע איז באקאנט מיט איהר גע־וואלדיגע לייסטונג אויף דעם געביט פון העלפען אידישע ליידענדע בכלל, און פאר דער פאמיליע ראפאלאוויטש בפרט, איך וועל ניט איבערטרייבען און זאגען דאס איהר האט כמעט מחיה־מתים געווען, דאס קינד איז שוין געוועזן ממש פארלארען, און א דאנק דער אינטערוועניץ פון אייע־רע מעדיקאמענטען, האט זיך זיין לאגע ראדיקאל פארבעסערט, איך בין אינפאר־מירט אז דאס קינד פילט זיך שוין ב"ה גאנץ גוט. וואויל איז די מענשען וועלכע באטייליגען זיך אין אט דעם גרויסען ווערק. השי"ת זאל אייך העלפען דאס איהר זאלט קענען ווייטער פארטזעצען אייער הייליגע ארבייט, און בזכות זה וועט אייך השי"ת אפהיטען פון אלערליי קראנקהייטען, און אייך געבען כל טוב ווי ס'ווינשט אייך איינער פארעהרער און אומבאקאנטער גו־טער פריינד, וועלכער באוואונדערט פון

דערוויטענס אייער נוצליכע ארבייט פאר כלל ישראל.

זייט הערצליך געגריסט,

הרב לייבוש בער האלפערט,
אבד"ק וואסלוי והגליל יצ"ו

אזעלכע בריף איז ווירקליך ווי א גוטער טאניק וואס גיט אריין קרעפטען אין מענ־שען, אזעלכעס מוז מאכען פיהלען הימעל הויך יעדען איינעם וואס העלפט און שטיצט די וואונדערבארע „רפואה וחיים" וואס גיט אריין א רפואה און חיים אין די קראנקע האפונגסלאזע מענשען דארט־ען, עס איז ניט צו באגרייפען די ווערט פון אזא סאסייעטי, איך וויל דא איבער־געבען א בריף פון דעם אריגינעלען גרינ־דער און ערפינדער פון דער „רפואה וחיים" ווען עס איז איינגעפאלען דער ערשטער געדאנק, מר. ב. שלאסמאן.

און דאס איז דער בריף:

טייערע שוועסטער פון אידישען פאלק מרת ווערטהיימער תחי':

איהר וואונדערט זיך וואס איך שרייב ניט אפטער, אבער איך לעז יעדע וואך אין „ווינקעל" די הייליגע שווערע ארבייט וואס איהר טוט פון „רפואה וחיים" פאר אונזערע קראנקע ברידער און שוועסטער, אלמנות ויתומים איבער דער גאנצער וועלט מיט דער פולער האנד און דאס מיינט אז מיר ראטעווען אפ פון מלאך המות האנד טאטעס און מאמעס און קינ־דער, האב איך קיין רעכט ניט אייך צו באמיען און אייער צייט צונעמען מיט לייענען מיינע בריף, בעסער רוט זיך אפ די פינף מינוט צייט וואס איהר וועט נע־מען צו לעזען די בריף, און דער אלמעכ־טיגער זאל אייך געבען כח צו אטענ־דען די הייליגע ארבייט פון 'רפואה וחיים" און דאס זעלבע צו אונזער טייערער שוועסטער, די ווירדיגע חנה גאלדע דיס־קינד. איך דאנק ג' פאר אייך, טייערע שוועסטער, וואס ער האט מזכה געווען מיט אזוינע טייערע שוועסטער ווי איהרביידע זענט, איך דאנק איהם אויך וואס ער האט מיר אריינגעגעבען אין געדאנק מען זאל גרינדען אזא סאסייעטי און איך האף אז אלע שוועסטער און ברידער און אלע סאס־ייעטיס וועלען ווערען מעמבערס פון די „רפואה וחיים" און האף אז אונזערע טיי־ערע רבנים און ת"ח וועלען אונז אויך מיטהעלפען אז די „רפואה וחיים" זאל קענען געבען הילף צו די באדערפטיגע מיט'ן פולען האנד.

בברכת ציון וירושלים,

ב. שלאסמאן, אשוויל, נ. ק.

# א בריוו פון א פאטער פון א קינד געראטעוועט דורך „רפואה וחיים"

הויכגעשעצטע פרוי ווערטהיימער, פארזיצערין פון „רפואה וחיים":

שוין א לאנגע צייט איך ניט געשריבען, אבער גלויבט מיר, אז מיר האבען אין אייך אפילו א מינוט ניט פארגעסען, ווייל עס געהט ניט אוועק א רגע, מען זאל ביי מיר אין דער פאמיליע ניט רעדען צו גוטען וועגען אייך, און באוואונדערען אייער געזעלשאפטליכע פרוכטבארע טעטיגקייט.

הויכגעשעצטע פרוי ווערטהיימער, איהר האט גענומען דעם גרעסטען אנטייל אין געזונט מאכען מיין קראנק קינד. ווען ער איז געווען קראנק אויף די לונגען, אזוי, וויפיל מאל איך גיב א קוק אויף מיין קינד, און זעה איהם א דאנק ג"ט געזונט, טראכט איך וועגען אייך — אונזער רעטע־רין, ווייל איהר זענט געוועזען דער גוטער שליח. איך פלעג טראכטען, ווען ער איז געווען קראנק „מאין יבוא עזרי" (פון וואנען קען קומען צו מיר די הילף?) און דא האט איהר, א פרעמדע, אומבא־קאנטע איהם אזוי פיל געהאלפען, איהם ארויסגעריסען פון דעם מלאך המות און איהם צוריקגעגעבען די עלטערן און זיי גליקליך געמאכט.

פרעגט זיך, קען מען אזעלעכע נאבע־לע טאטען פארגעסען? — געוויס ניט! ווי לאנג איך וועל לעבען, וועל איך ניט פארגעסען אין אייך, רעטערין פון מיין קינד. אייער נאבעל פנים שטייט מיר שטענדיג פאר מיינע אויגן אלס סימבאל פון א נשמה וואס פילט מיט פרעמדע שמערצען, וועלכע פילט אויף א דיסטאנץ א פארביטערט און אנגעווייטאגט הארץ. און האט דעם גרעסטען גוטען ווילען צו רעטען יענעם און לייכטער מאכען יענעמס צרות, אט אזוי שטעל איך מיר פאר זענט איהר.

איך זאג אייך נאך אמאל, מיין קינד פילט ב"ה גוט, דעם זומער זיינען מיר געווען מיט איהם אויף לופט דריי וואכען און ער האט זיך ערהאלט, ער לערענט זעהר גוט, ער האט געקראגען א פרעמיע פאר שאך שפילען, ער שפילט גוט פידעל, ער איז שעהן, קלוג און געוויקסיג ער איז געווארען עלף יאר, איך האף אז ער וועט זיין א טרייער און נוצליכער עלעמענט אין ישראל, א טרייער זוהן צו זיין פאלק. מיר האבען ניט קיין שום מעגליכקייט, אייך אפצודאנקען פאר אייער הילף וואס איהר האט געטאן פאר'ן קינד, מיר בעטען אז ג־ט זאל אייך העלפען, איהר זאלט מצליח זיין, וואו איהר וועט שטעהן און געהן. פון גרויס דאנקבארקייט שיקען מיר אייך דעם קינד'ס בילד, איך פארזיכער אייך, אז אין זיינע אויגעלעך וועט איהר אויך שטעהן אלס רעטערין און וועט אייך שטענ־דיג דאנקבאר זיין.

איך האף אין גיכען צו פארען קיין ישראל און צו לייגען א ציגעל צו דעם גרויסען בנין וואס אונזערע פיאנערען בויען. איך וועל אוועקגעבען מיינע כחות פאר אונזער לאנד.

אדוואקאט חיים שטיינבערג,
ראמאן, רומעניע

## דאנקט די „רפואה וחיים" פאר די הילף

ליבע פריינדין בעלא ברין:

איך בעט אייך זעהר צו באדאנקען דורך אייער זשורנאל די מעמבערס פון דער נייער ארגאניזאציע „רפואה וחיים" פאר שיקען מיר די צוואנציג גראם סטרעפטאמיצין וועלכע האבען מיך דערהאלטען ביים לעבען ווייל איך בין קראנק אויף די לונגען, מען האט מיך געוואלט אפערירען נאר ווען איך האב דערהאלטען די מעדיצין, דארף איך ניט קיין אפעראציע. ג׳ זאל אייך גיבען פיל גליק און געזונט נאר איך בעט אייך מיר נאך צו שיקען 20 גראם ווייל איך מוז נאך האבען לענגער די אייבשפריצונג און בעט אייך מיר דאס באלד צו ערליידיגען מיט לופט פאסט און דער אייבי׳גער וועט אייך דערפאר באצאלען מיט געזונט, איהר האט גערעטעט א מענשען פון טויט. איך בעט אייך אויך מיר צו שיקען א פאקעט קליידונג ווייל איך האב ניט וואס אנצוטאן און איך וועל אייך דאס גוטע ניט פארגעסען.

דאס איז מיין אדרעס:

H. ROZNER
Sauting B. Munchen
D. P. Sanatorium, C-1-16
U. S. Zone, Germany

## דאנקט פאר די שנעלע הילף

זעהר געעהרטע בעלא ברין:

איך האב נישט קיין ווערטער אייך צו באדאנקען פאר אייער גוט־הארציגקייט וואס איהר האט אזוי שנעל געשיקט די מעדיקאמענטען צו מיין שוועסטער קיין רומעניען, ווייל ווערטער זיינען ניט גענוג פאר אזא פאך.

אייער,
יוסף חנים
רחוב בצלאל 7, חיפה, ישראל.

עס פרעהט מיך פון גאנצען הארצען

אייער שרייבען. א דאנק דעם אלמעכטיגען וואס עס עקזיסטירט א „רפואה וחיים סאסייעטי" מיט אזעלכע טיכטיגע אנפי־רערס. די פרעזידענטין פון „רפואה וחיים" אפפערט זיך אויף פאר די ארימע עלענדע קראנקע מענשען וואס נויטיגען זיך אין הילף און אזוי דער גאנצער סטאף בעאמ־טע. זיי קומט דער דאנק. זאל אייער שוועסטער האבען די גאנצע רפואה אין גיכען.

בעלא ברין

---

## דאנקט פאר ראטעווען זיין לעבען

חשוב'ע פרעזידענטין פון דער „רפואה וחיים":

שוין אכט מאנאטען ווי איך בין ארויס פון עסטרייך און געפין זיך אין אונזער הייליג לאנד ישראל.

טייערע פריינט, ווען איך האב דער־האלטען אייער פאקעט סטרעפטאמיצין, בין איך שוין געלעגען אויפ'ן טויטען־בעט, אבער פריער ג-ט און דאן איהר, האט מיר געראטעט מיין לעבען, איך בין ארויס פון געפאר און שטעה אויף מיינע פיס ב"ה, איך בין אויך דא נאך געלעגען א פאר מאנאטען אין בעט און איצט פיל איך אז איך דארף אייך לאזען וויסען, דאס מיר איז בעסער און געפין זיך אין אן אייגענע שטוב אין אייגענעם לאנד.

איך האב אייך געשריבען פון מיינע שלעכטע צייטען, דארפט איהר אויך ווי־סען פון די גוטע צייטען, נאר איך אר־בייט נאך ניט און פארדין ניט, איך בין געבליבען אן אינוואליד אהן זיבען ריפען, אבער מיט'ן לעבען, מיר זיינען פיער פערזאן און מען דארף עסען און צאלען דירה געלט, איז אויב איהר קענט מיר העלפען מיט א שפייז פאקעט, וועט דאס אביסעל זעטיגען די קינדער מיינע.

מיט ציון'ס גרוס

צבי לעדערמאן, **מדינת ישראל.**

---

## ער דאנקט דער „רפואה וחיים" פאר דער הילף

לכבוד מנהיגי ד' רפואה וחיים:

מיר האבען דערהאלטען די צוויי פאר אויגען-גלעזער פאר מיין פרוי און אויך די צוויי פאקעטען קינדער-קליידלעך, ווע־לכעס מיר האבען אזוי נויטיג באדארפט האבען. איצטער דארפען מיר זעהר נויטיג

האבען א שפייז־פאקעט מיט א פארלעסלי־כען הכשר פון סאקמארער שחיטה אדער חסידי ליובאוויטש. איהר ווייסט געוויס דעם גרויסען מאנגעל אין שפייז ביי אונז. בזכות זה וועט אייך השי"ת העלפען, איהר וועט געבענשט ווערען מיט אריכת ימים.

שלמה שטערן.

# דאנק בריוו

זעהר ליבע, הויכגעשעצטע פריינדין פון „רפואה וחיים",

מרת ווערטהיימער תחי׳:

שוין לאנג ווי איך וויל אייך שרייבען און באדאנקען פאר אייער נאבעלער טאט, וואס איר ווייזט ארויס צו א פרעמדער פערזאן אזוי פיל גוטסקייט מיט אייער שטיצע, מאטעריעלער און אויך גייסטי־גער, מיט דעם וואס איר שיקט מיר די צייטונגען „אמעריקאנער" און „טאג־מארגען זשורנאל", וואס עס איז פאר מיר מיין בעסטער אונטערהאלט. אויך בין איך מיט דעם מחיה מיין משפחה און מיינע פריינדינס, ווייל איך לעז פאר זיי די צײ־טונגען, און יעדער קען געפינען אין זיי די שפייז וואס ער אדער זי באדארף.

עס איז אין זיי דא מאראל, תורה, חכמה פאר יעדען קלאס מענשען. אויך די מאט־עריעלע שטיצע, אין שפייז, קליידונג, און אויך קעש געלט. עס דערהאלט אונז ביים לעבען. איך קלער תמיד ווי עס קען זיך געפינען אזא ליבע פרוי וואס וויל זיך פארנעמען אזוי פיל צייט מיט פרעמדע פערזאנען. איך האב גארניט קיין ווערטער אויסצודריקען מיין דאנקבארקייט צו אייך. איך ווינש אייך מיט א ברכה פון זכות אבותינו הקדושים והיראים, אז איר מיט אייער מאן או מיט אייער גאנצער, משפחה, ווי אויך אלע שטיצער פון דער הייליגער „רפואה וחיים", וואס האט שוין געראטע־וועט אזוי פיל אידישע לעבענס, זאלט זיין געזונט און גליקליך.

איך ווינש אייך אז פון אייער בן־יחיד מיט זיין פרוי תחי׳ זאלט איר דערלעבען זען נאך פיל נחת און אלע וואס העלפען דער נאבעלער „רפואה וחיים" זאלען גע־בענשט ווערען מיט אלעס גוטען.

אייער אלעמענס דאנקבארע פריינדין,

פעסיע פינקאוויצי.

בת הרב לאנדמאן,

ראשון לציון, ישראל.

# א פאר ווערטער פון מעטעה ווערטהיימער צו די אידען איבער דער וועלט

איך וויל זאגען א פאר ווערטער צו די אידען איבער דער וועלט און איבערהויפט פון ישראל, צו די יעניגע וואס פארלאנגען שטיצע און מיר קאנען, לײדער, ניט נאכקומען. גלויבט מיר, טייערע אידישע קינדער, עס ווייטאגט מיין הארץ און די הערצער פון אלע באאמטע, ווען מיר דארפען אנטזאגען א ביטע פון שטיצע, איבערהויפט זייט איך האב פערזענליך זיך איבערצייגט, זייענדיג ניט לאנג צוריק אין ישראל, ווי גרויס די נויט איז דארטען.

אבער עס ווענדעט זיך אן אונזערע טײערע אידעלע מיטגלידער־שטיצער פון „רפואה וחיים".

אזוי ווי עס דערנענטערט זיך שוין דאס נייע יאר, ווינשען מיר אלע אידען איבער דער וועלט, די געטרייע שטיצער און אנהענגער פון „רפואה וחיים", א גוט, געבענשט גליקליך יאר מיט אלעם גוטען און איר זאלט קיינמאל ניט דארפען זיין פון די „נעמער" נאר פון די „געבער".

אן אויפריכטיגער פריינד פון כלל ישראל:

מעטעה בת בלומע וגדלי' ווערטהיימער.

פרעז. פון „רפואה וחיים"

צו שטיצען די „רפואה וחיים" איז א גרויסע טאט. הונדערטער בריוו ליגען און ווארטען פאר דער הילף. מיט יעדער פאסט שטראמען אריין צענדליגער בריוו פאר הילף פון דער גאנצער וועלט און איבערהויפט פון ישראל, וואס בעטען מעדיצין, שפייז און קליידער. זיי שיקען אזוי פיל ווי מעגליך, אבער פאר אלעמען איז ניטא, סיידען יעדער איינער וועט אריינשיקען א דאניישאן, גרויס צו קליין, וועט דאס העלפען לייזען דאס פראבלעם. העלפט, און דער אלמעכטיגער וועט אייך העלפען.

בעלא ברין.

---

## א באריכט פון דער ‚רפואה וחיים'

די „רפואה וחיים" וועלכע האט זיך געגרינדעט פון לייענער פון „אמעריקאנער" צו העלפען אונזערע ברידער און שוועסטער אין די קעמפס מיט מעדיצינען און קליידער וועלכע ווענדען זיך צום „אינטימען ווינקעל" האט אפגעהאלטען א מיטינג שבת אוועגט, דעם 4טען פעברואר, אין הויז פון מר. ווערטהיימער אין 1819 נעדרא

עוו. פילאדעלפיע, פא. אונטער דעם פארזיץ פון מרס. ווערטהיימער איז דיסקוטירט געווארען וועגן נייע אפליקאציעס פאר הילף און זיינען אנגענומען געווארען.

מר. איידעלמאן דער טרעזשורער האט אריינגעבראכט א היבשע צאל מעמבערס און א באדייטענדע סומע געלט איז אריינגעקומען דורך איהם.

עס איז באשלאסען געווארען צו רופען א מאסמיטינג, מפרסם זיין די טעטיגקייט פון דער סאסייעטי און אויך באנוצען א ראדיא אפיל פאר דאנעישאנס און פאר נייע מעמבערס. אויך וועט באלד זיין א טשא־רטער און אויך אז די איינגאמעס און אויס גאבען דורך א באנק דעפאזיט.

מ. קוק, רעקארדינג סעק.

5703 21טע סט., פילאדעלפיע, פא.

---

## א בריף צו די לעזער פון מעטה ווערטהיימער

צו די חשוב׳ע לעזער פון אונזער באליבטען און באלערענדען „אמעריקאנער״:

זייט געבענשט פון השי״ת נאבעלע מנדבים צו דער „רפואה וחיים״, עס איז ביי מיר א גייסטיגער גענוס ווען איך קען אויסדריקען צו אייך געשעצטע לעזער פון דעם „אינטימען ווינקעל׳ מיינע הארציגסטע ברכות, אויך אין דעם נאמען פון די מקבלים אייער צדקה, ביז היינט האבען מיר אטענדעט צו 17 קייסעס מיט מעדיצין, אויך געהאלפען אויסנאם קייסעס מיט שפייז, וויטאמינען און קליידונג, אין דער נאנטער צוקונפט וועלען מיר אייך איה״ש שיקען א בראשורע, באשריבען די טעטיגקייט פון „רפואה וחיים״ אויך בילדער פון די קראנקע וועלכע ווערען קורירט פון אייער שטיצע בעז״ה.

איך אפעליר צו אייך אין נאמען וואס איז הייליג ביי אונזער אידיש פאלק, אויף ווייטער ניט פארגעסען אין אייער הייליגע פליכט צו אונזערע טייערע אידישע קינדער, וועלכע ווערען נעביך געמאטערט פון פארשידענע קראנקהייטען און נויט אין דעם „עמק הבכא״.

געוויס האט איהר געלעזען דעם שווערען לעבען פון די פארטיזאנען, וויפיל געפארען זיי זיינען דורכגעגאנגען, וועלדער און בונקערס אום צו ברענגען אביסעל הילף צו א איד, איצט וויפיל לייכטער קענען מיר ב״ה רייכען מיט אונזער הילף?... צו די אויסגעמאטערטע טייערע שוועסטער און ברידער, וועלכע זיינען נעביך געפייניגט געווארען אונטער די נאצי רעזשים מיט הונגער און דורשט, קעלט און היץ, פיזישע ווי גייסטיגע דערנידערונג, יעדע ווילע טויט־שרעק, איצט

ווען זיי האבען דאס אלעס דורכגעלעבט, זאלען מיר לאזען אונזערע טייערע ח"ו אומקומען פון קראנקהייט און נויט? וועקט אייערע פריינד צו די גרויסע הייליגע אר־בייט, מיר זיינען זיי שולדיג א הייליגען חוב, עס האט געקענט זיין פארקערט ח"ו, מיר זאלען זיין דארט אוןווארטען פאר דער הילף...

פון אייער אלעמענס אויפריכטיגע פריי־נד וואס וויל העלפען די ליידענדע בלב ונפש אונזער פאלק און אונזער הייליג לאנד.

מעטה בת בלומע ווערטהיימער.

נ. ב. — אויפמערקזאם ספעציעל צו פילאדעלפיער לעזער און אומגעגענד! עס ועט זיין געבראדקעסט יעדען מאנטאג אוועגט צווישען 9—8 אויף די אידישע פראגראם וועגען „רפואה וחיים".

---

אויסשניט פון „אמעריקאנער" מאי 22, 1953

## מעטטא ווערטהיימער אין ארץ ישראל

עס וועט זיכער זיין אינטערעסאנט פאר אונזערע לעזער צו וויסען דאס די פרעזי־דענטין פון די באוואוסטע „רפואה וחיים" מעטטא ווערטהיימער געפינט זיך איצט אין ארץ ישראל.

זי איז געפארען אין די אינטערעסען פון דער „רפואה וחיים" זי האט געוואלט מיט איהרע אויגען זעהן וואס די „רפואה־ וח־יים" טוט אויף פאר אונזערע ברידער און שוועסטער אין הייליגען לאנד, אויך שט־עלט זי דארט אן „אינוועסטיגייטארס" צו אונטערזוכען די קייסעס וואס קומען אן אהער. פון איינעם פון איהרע בריוו

צו מיר שרייבט זי פאלגענדעס:

„ערשט זייענדיג דא פינף וואכען, האב איך זיך איבערצייגט ווי נויטיג עס איז די „רפואה וחיים" צו פארגרעסערן פיל־פאך, און וואס די שטיצע מיינט דא פאר קראנקע מיט מעדעצין און פאר געזונדטע שפייז און קליידונג א. אז. וו. וואו איך געה הער איך די אויסדריקע „ווען ניט די אמעריקאנער אידען?..." און „געבענשט זאלען זיין די אמעריקאנער אידען", עס איז מיר אונמיגליך שריפטליך איבער צו געבען וואס די „סקריפס" מיינען דא פאר די מענשען, בלויז די זעהר רייכע מענשן

קאנען זיך באגעהן אהן די „סקריפס״, ביי מיין צוריק קומען אי״ה אהיים וועט די „רפואה וחיים״ נאך מעהר אויפבליען און וואקסען, איצט ארבייט איך ענערגיש צו ארגאניזירען ברענטשעס מיט גוטע „איני־וועסטיגייטארס״, די ארגאניזאציע דארף לאנג לעבען מיט איהרע גרינדערס און מיט־גלידער, איך האף אנצופאנגען א שטארקע באוועגונג״.

„די צייט וואס איך בין דא, האב איך פיל שטודירט די לאגע אין לאנד, בין פול מיט פארשידענע איינדריקע, נאך דעם ווי איך וועל בקרוב זיין צוריק אין דער־היים, וועל איך אלעס איבערגעבען. איך וועל נאך אביסעל באררייזען דאס לאנד, איך בעט ביי השי״ת אז וואו איך געה און פאהר, זאל איך קענען לייסטען גוטעס פאר אידישע קינדער, פיל מצות קאן מען קלייבען דא אויף שריט און טריט.

איך לאז וויסען אונזערע מעמבערס און שטיצער, אז מיט מיין אוועק פארען האט חלילה די ארבייט ניט אויפגעהערט, עס ווערט געשיקט הילף אהער און אין אלע טיילען וועלט: וואו אידען זיינען און נויט־יגען זיך אין דער הילף פון די „רפואה־וחיים״, עס איז אין זעהר גוטע הענד, און אלעס ווערט פינקטליך דורכגעפירט.

אלע בעאמטע ארבייטען עהרליך און געטריי. די געטרייע ארבייטער וואס שפאר־רען ניט זייער מיה און צייט זיינען: מר. קוק, מר. טשארני, מרס. אדעלמאן, מר. אדעלמאן און ר׳ וואלף ווערטהיימער. געבענשט זאלען זיין די גוטע מענשען וואס שיקען אריין זייערעביישטייערונגען צו קאנען אנגעהן מיט דער הייליגער ארבייט.

פון מיר אייער אויפריכטיגע פריינד

מעטעה ווערטהיימער.

דאס זיינען עטליכע אויסציגע פון איהר בריוו און עס איז צו האפען אז מרת ווערטהיימער וועט ווירקליך זעהר פיעל לייסטען פאר די קראנקע און ארימע אי־דען אין ישראל און אין אנדערע לענדער מיט איהר רייזע.

א געגויען באריכט וועלן מיר הערען ווען זי וועט אי״ה צוריק קומען.

מיר קאנען זיך פארשטעלן די פרייד פון די אידען אין ישראל וואס האבען די גע־לעגענהייט זיך צו טרעפען פערזענליך מיט דער באוואוסטער מרת ווערטהיימער וועלכע האט אזויפיעל געלייסטעט פאר אונזערע קראנקע ברידער און שוועסטער אין דער צייט וואס די „רפואה וחיים״ עקזיסטירט, זי לעבט און שטרעבט און אטהעמט מיט „רפואה וחיים״, זי גיט אוועק

איהר פרייהייט, איהר געזונד, איהר צייט, איהר געלד, איהר באקוועמליכקייט, איהר רוה, איהר שלאף, נאר פאר דער „רפואה וחיים", וואס ראטעוועט אידען אין זייער נויט און אין זייערע קראנקהייטען. אזעלכע פרויען ווי זי, וואלטען מיר בעדארפט האבען מעהר.

בעלא ברין

# צו דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין אמעריקע

די פרעזידענטין מרת מעטא ווערטהיי־מער תחי', פון „רפואה וחיים", האט בא־זוכט אונזער הייליג לאנד ארץ ישראל, די הייליגע שטאט ירושלים, טבריה וכו'. זי איז געגאנגען אליין פון שטוב צו שטוב באזוכען די נויטליידענדע און קראנקע מענשען, און ארייגעבראכט מוטיגקייט, ליכטיגקייט פאר די נויט־באדערפטיגע און האפענונג.

מיין בקשה צו אלע אונזערע ברידער און שוועסטער און גוטע פריינד פון מדינת אמעריקע איז, זיי זאלען שטיצען און מיט־ארבעטען פאר דער חברה „רפואה וחיים", וואס פארווירקליכט אין דעם אידישען לעבען די מעשים טובים פון אידישען פאלק מדורי דורות, ווי עס ווערט גע־בראכט אין שולחן ערוך — „ישראל בי־שנים, רחמנים, גומלי חסדים" און די פרעזידענטין בכבודה ובעצמה איז ממלא בשלמות ובנאמנות די ראלע פון „רפואה וחיים" צווישען דער אידישער באפעלקע־רונג אין ישראל. געבענשט זייט איר, אמעריקאנער אידען, וואס איר האט אין אייער מדינה אזא געזעלשאפט ווי די „רפו־אה וחיים סאסייעטי", מיט אזא אנפירע־רין, וועלכע פארשאפט כבוד און רום דעם גאנצען אידישען פאלק.

בכבוד רב,

שלמה בריד,

בתי וויטענבערג, ירושלים, ישראל.

# א בריוו צו דער פרעזידענטין פון „רפואה וחיים סאסייעטי״

געערטע בעלא ברין:

איך האב צו אייך א גרויסע בקשה. איך בעט אייך צו דרוקען דעם בריוו אין אייער חשוב׳ען רובריק „אינטים וויב־קעל פאר די לעזער״, ווייל איך זע ווי איר דרוקט פארשידענע בריוו און אלע ווערען צופרידענגעשטעלט. האף איך, אז איר וועט דערפילען אויך מיין הייסען וואונש.

דאס איז דער בריוו:

חשוב׳ע פרעזידענטין, מרת מעטעה ווערטהיי־מער, און חשוב׳ע מיטגלידער — שלום!

מיט גרויס איבערראשונג האב איך דער־האלטען אויף מיין נאמען א סקריפ פון 10 דאלאר פאר אן ערנסט־קראנקען טוב־ערקולאזן, אין שפיטאל באר־יעקב, לאנג־סנער אטי. מיט דעם בריוו איז געווען א בריוו פון אייך, פול מיט פערל און צערט־ליכע ליבע צו אייער אמאליגער שטעט־עלע, מיט אירע טייערע מענשען, וואס זענען נעביך חרוב ונחרב געווארען.

וואויל איז דיר, פאלק ישראל, וואס דו האסט נאך אזעלכע אידעלע פרויען, וואס אפפערן זייערע כוחות צו העלפען להחיות כמה נפשות מישראל.

איך וויל זאגען, אז כאטש איר האט גרויסען זכות אבות ואמהות און יחוס עצמה, און א דאנק דעם וואס איר טוט פאר ארעמע, קראנקע און ליידענדע מענ־שען, האט איר אויך זוכה געווען צו האבען אזא זון דא אין ירושלים!

און אזוי ארום האט אייער „חכמת נשים בנתה ביתה״, צוזאמען מיט דער חשוב׳ער בעלא ברין תחי׳, די קלוגע און אידעלע עצה־געבערין אין „אמעריקא־נער״ (וואס איך וואלט עס גערן געוואלט שטענדיג לעזען) געווירקט נישט נאר אויף אייך געביט, נאר עס דארף פארשפרייט ווערען איבעראל. די אידייע פון „רפואה־וחיים״ מוז אונטערשטיצט ווערען דורך פארזאמלונגען און מיטינגען, אונטער איי־ער פירערשאפט, אום מען זאל קענען העל־פען מיט א פולער האנט אין אלע נויט־פאלען. יעדע ארטשאפט שטעטעלע זאל האבן אירע פארטרויענס־מענער אדער פרויען אין ישראל, וואס דורך זיי זאל יעדע ביטע באשטעטיגט ווערען. עס זענען דא פילע נויטבאדערפטיגע און קראנקע, וואס נויטיגען זיך שטארק אין הילף.

איך בעט סליחה פאר דערוואגען זיך אייך, חשוב׳ע פרויען, צו דיקטירען, אבער מכל מלמדי השכלתי, האט דוד המלך ע״ה געזאגט.

איך ענדיג איצט מיין שרייבען מיט הארציגע גרוסען פאר אלע מענער און פרויען, וואס באטייליגען זיך אין דער הייליגער ארבייט פון „רפואה וחיים״. איך דאנק אייך, גברת ווערטהיימער, פאר אייער שיינעם מליצה׳דיגען בריוו, אויך אין נא־מען פון קראנקען קינד (זי וועט באזונדער

שרייבען א דאנק). זי וועט בעטען פון אייך ווייטערדיגע הילף, אין די ראמען פון אייערע מעגליכקייטען.

מיט אכטונג און רעספעקט,
אליעזר מליק בן אהרן.

---

## רפואה וחיים סאסייעטי

די חשוב׳ע פרעזידענטין פון רפואה וחיים, מרס. ווערטהיימער, האט דער־האל־טען די פאלגענדע צושריפט:

לכבוד די פירער פון רפואה וחיים,

„איך האב דערהאלטען א פאקעט מיט 40 טאבלעטען קארטיזאן, און דאנק אייך זעהר דערפאר. איך ווינש אייך, איר זאלט אלע זיין געזונט און גליקליך און תמיד טאן מצוות און מעשים טובים, ובזכות זה וועלען מיר זוכה זיין צו א ישועה אויף אידען און שלום ושלוה אויף דער גאנצער וועלט.

„בן ציון טברי.״

א צווייטער בריוו לויטעט ווי פאלגט:

„דייעמאקס אסעטאזאליעמייד 250 מג. טאבלעטס. דאס איז א מעדיצין וואס איך מוז זעהר נויטיג האבען, און דא ביי אונז איז עס ניט צו באקומען. עס איז ממש פיקוח־נפש. אפשר געפינט זיך ביי אייך אין שטאט א גוטער אידישער מענש, וואס וויל טאן א גרויסע, אמת׳ע מצוה, און מיר שיקען די נויטיגע מעדיצין. ביטע, זייט מיר טויזענט מאל מוחל פאר מטריח זיין אייך. בלייבט אלע געזונט און גליקליך״.

דער סעקרעטאר פון דער סאסייעטי מעלדעט, אז אין אפיס האבען זיך אנגע־זאמעלט א צאל פון איבערצייגטע דרינג־ענדע בקשות פאר טייערע מעדיצינען. די באאמטע פון דער סאסייעטי זענען אין א פארלעגענהייט. אויף פסח זענען געהאל־פען געווארען 78 פאמיליעס און די פאר־טרעטער אין ישראל האבען געמוזט באר־גען. מער בארגען קאן מען שוין ניט, און העלפען מוז מען, ווייל די נויט איז גרויס. ארימע משפחות אין ירושליםווארטען און קוקען ארויס אויף שנעלע הילף. עס זע־נען אויך נויטיג קאטן־דרעסעס, שוירטס, פאלא־שוירטס, מענער סוטס, פענטס, וו־עש.

דער אדרעס: פון „רפואה וחיים״:

REFUA VECHAIM SOCIETY
5120 N. 9th Street
Philadelphia 41, Pa

---

ב"ה, יום ג' לך לך, תשי"ז, עגער יצ"ו.

חשוב'ע פרעזידענטין האשה החשובה הצ' מרת מייטע ווערטהיימער שתחי':

איך שיק אייך איצט איין בילד פון א חשוב'ן תלמיד חכם, אן ארעמער מאן, וואס איך שטיק אים מיט שיינע שטיצע פון די פאקעטען וואס איר שיקט. השי"ת זאל אייך, חשוב'ע פרעזידענטין שתחי', בענשען מיט די אלע חשוב'ע אידישע קינדער יחי', וואס נעמען אנטייל אין די הייליגע ערהאבענע מצוות צדקה וגמילות חסדים. איר זאלט געהאלפען ווערען מיט כל מיני ישועות, מיט ברכה והצלחה בכל ענינים, מיט נחת פון אייערע קינדער יחי' בזכות וואס איר, חשוב'ע פרעזידענטין תחי', מיט אלע וואס נעמען אנטייל אין די הייליגע מצות. איר זייט ממש מחיי' אידישע, ארימע נפשות.

השי"ת זאל ממלא זיין כל משאלות לבבכם לטובה, אמן.

ווינשע אייך כל טוב.

הק' זאב הערשקאוויטש

רב דפה עגער יצ"ו

# דאנקט דער „רפואה וחיים" פאר דער הילף

געערטע בעלא ברין:

דערלויבט מיר א שטיקעל פלאץ פאר מיין בריוו אין אייער חשוב'ער אפטיילונג:

זעהר חשוב'ע מעטטע ווערהיימער, פרעז. פון „רפואה וחיים":

איך קען אייך מיטטיילען דאס איך האב פון אייך דערהאלטען א פאקעטעל מיט דער נויטיגער מעדיצין פאר מיין קינד. מיין קינד זאל לעבען ווערט אין א קורצער צייט ארום אפערירט ווערען. השי"ת זאל מיר העלפען מיט א רפואה שלמה. פון טיפען הארצען דאנק איך אייך און ווינש דאס דער אלמעכטיגער זאל אייך העלפען מיט אלעס בעסטעס, איר זאלט תמיד קענען העלפען נויטבאדערפטיגע. אין זכות פון די קראנקע און באדערפטיגע, וואס האבען א דאנק אייער וואוילטעטיגער הילף באקומען א מעגליכקייט געהיילט צו ווערען פון זייערע ליידען, זאל אייך השי"ת העלפען דאס איר זאלט אליין אפגעהיט ווערען פון אלעס שלעכטען.

מיט אכטונג און דאנקבארקייט,

מרים העלד,

בני ברק, שכון נוה אחיעזר, ישראל.

# „רפואה וחיים" אקטיוויטעטען

די פרעזידענטין פון „רפואה וחיים" מרת מעטהא ווערטהיימער, האלט אין קריגען צושריפטען פון מענער און פרויען פון אלע עקען וועלט, איינשליסענדיג ישראל, מיט דאנק פאר די גרויסע הילף וואס זיי הערען ניט אויף צו באקומען פון דער נאבעלער ארגאניזאציע „רפואה וחיים". די טייערע מעדיצינען וואס „רפואה וחיים" באזארגט פאר קראנקע, ראטעווען פיל קראנקע מענשען פון זיכערען טויט, און בריוו מיט הארציגע דאנקען פאר אזא מין הילף קומען אן פון א סך פלעצער.

לעצטענס האט מרת ווערטהיימער, די פרעזידענטין פון „רפואה וחיים" דערהאלטען בריוו פון פוילען און פון ארץ ישראל אין וועלכע אירע קארעספאנדענטען ווייסן ניט ווי אזוי איר צו דאנקען פאר איר אויסערגעוויינליכער גוטער ארבעט. אלע הערן אבער נישט אויף צו בעטען פאר נאך מעדיצין, פאר מער הילף.

אלע געלטער וואס קומען אריין אין „רפואה וחיים" ווערען געשאפען און בייגעשטייערט פון לעזער פון דעם באליבטען זשורנאל „אמעריקאנער". קיינע אנדערע קוועלען האט די ארגאניזאציע ניט, קיינע סובסידיעס און קיינע ארויסהעלפונג פון אנדערע גרעסערע ארגאניזאציעס, דארום מוז די פרעזידענטין מרת ווערטהיימער זיך ווענדען צו אלע שטענדיגע שטיצער פון דער „רפואה וחיים", אז זיי זאלען טאן אלעס וואס זיי קענען, כדי די נאבעלע ארבעט פון שיקען הילף און טייערע מעדיצינען, קליידער און אנדערע נויטיגע זאכען, זאל קענען פארגעזעצט ווערען אויף דעם שענסטען און בעסטען אופן.

אלע ביישטייערער זיינען געבעטען צו שרייבען קלאר מיט געדרוקטע אותיות זייערע נעמען און אדרעסען, כדי קבלות זאלן קענען צו זיי געשיקט ווערען. אלע ביישטייערונגען פון צוויי דאלאר און מער ווערן פארעפענטליכט אויף די שפאלטען פון דעם „אמעריקאנער".

---

## הארציגע באגריסונג מיט אן אפיל פון פרעזידענטין מעטעה ווערטהיימער

חשוב'ע פריינט, שטיצער פון די באליבטע „רפואה וחיים"!

איך האב געהאפט אייך צו באזוכן אין יעדען טייל פון די פאראייניגטע שטאטען,

אבער די קאלאסאלע ארבייט דערלויבט ניט די צייט פאר דעם טור, ווי מיר האבען געפלאנט.

די צייט פון מיין באזוך אין דעם הייליגען, ליכטיגען לאנד ישראל, האב איך פארוועגדט צו שטודירען די לאגע פון די ליידענדע ארימע אידישע קינדער. מיר האבען געטיילט שטיצע וויפיל מעגליך און אויך מאראלישע הילף געלייסטעט פאר פיל ליידענדע.

ס׳איז אוממעגליך איבערצוגעבען מיט דער פען ווי גרויס די נויט איז, נעביך, ביי א גרויסען פראצענט אידען דארט. פיל זענען קראנק נאך פון די נאצי־לאגערען. איבעראל האט מען מיך באלאגערט פאר שטיצע, אבער אויך זענען געקומען, ב"ה, צופרידענע אידען איבערצוגעבען די ברכות צו די „רפואה וחיים" מעמבערס און שטיצערס, וועלכע זענען פון אונזערע מעדיצינען געהיילט געווארען אין איראפא און אזוי געהאט די מעגליכקייט צו קומען אין הייליגען לאנד.

די גאנצע פינף מאנאטען אין ישראל, באריינעדיג דאס פרעכטיגע לאנד, וואס איז שענער פון אלע לענדער אין דער גאנצער וועלט, איבעראל האב איך געהערט ווי באליבט די „רפואה וחיים" איז. כ׳האב אליין געזען די פרוכט פון די „רפואה וחיים". יא, חשוב׳ע פריינט, פון ירושלים ביז באר שבע, געהערט די דערהויבענע שיינע לויב־ווערטער מיט די ברכות צו די שטיצער פון „רפואה וחיים" און אויך צו אונזער באליבטער בעלא ברין תחי׳, וואס לייסטעט מיט איר פען זעהר פיל צו „רפואה וחיים" ווי צו אנדערע הייליגע צוועקען. עס איז נישטא די צייט און דער פלאץ איבערצוגעבען וואס די שטיצע און מעדיצין און די נארהאפטע שפייז, קליידונג און לינען מיינט פאר די צענדליגע טויזענטער ארימע איידעלע אידען אין ישראל.

איר וועט מער באקאנט ווערען מיט דער לאגע אין ישראל, ווען איר וועט בקרוב לייענען די באשרייבונג פון מיין רייזע אין באליבטען „אמעריקאנער". איך האף, אז אין פרילינג וועט איר הערען די שטארקע שטימע פון „רפואה וחיים" אויף דעם געשריי פון פיל אידען פאר שנעלע הילף, רעטונג, צו דער קאנווענשאן וואס מיר וועלען האבען.

טייערע פריינט, זייט גרייט מיט „מעות חיטים". מיר זענען פארפלייצט מיט בריוו פון דער וועלט און פון ישראל. זיי ליידען הונגער, מיר וועלען זיי דארפען שיקען סקריפס. זיי בעטען הילף פאר זייערע קליינע קינדער, אבער ביז צו די מעות חטים נויטיגט זיך די „רפואה וחיים" אין שנעלע הילף פאר מעדיצין און פאר „פאסטעדזש" צו שיקען די קליידער און לינען א. ז. וו. די ברכות, וואס זיי שיקען צו אייך, שטיצער און מעמבערס, זאלען מקוים ווערען. מיר בעטען אלעמען

איצט צו שיקען משלוח מנות.

פיל דאנק און אנערקענונג קומט צו אונזערע טרייע קאפיטאנען, די באאמטע: מ. קוק, י. טשארני און אננא עדעלמאן, וויצע פרעזידענטען; לואיס יודעלמאן, קא־סירער; י. פאלק, סעק.; בעלא ברין, ארגאניזירער.

איך דאנק די אלע פאר זייער איבער־געגעבענהייט צו דער „רפואה וחיים".

מעטהע ווערטהיימער, פרעז.

---

# א הארציגע באגריסונג מיט אן אפיל פון מעטהע ווערטהיימער, פרעז. פון „רפואה וחיים"

זייט אלע געבענשט מעמבערס שטי־צער פון „רפואה וחיים". באזונדערע אנ־ערקענונג מיט ברכות צו די פאלגענדע פריינט וואס שטיצען געטריי די „רפואה וחיים" זייט דער גרינדונג מיט גרעסערע סומען געלט ווי קליידונג א. א. וו.:

מר. טאלמעס פון ניו ארלעאנס.

מרס. שטיינסאפיר פון פיטסבורג.

מרס. סאל פון אלבאני.

מרס. לאה שענפעל פון מאהאני סיטי.

מרס.דאבלין פון מיאמי, פלארידא.

מרס. קעץ פון קערהאנגסאן.

גרויס איז אייער אלעמענס זכות מיט דער שטיצע. דורך דער ערליך נאבעלער סאסייעטי „רפואה וחיים" ברענגט איר אריין פיל ליכטיקייט מיט היילונג צו קראנקע דורך מעדיצין, באקליידונג און שפייז צו ארימע פאמיליעס איבער דער אידישער וועלט איבערהויפט אין ארץ ישראל.

עס שרייט ארויס פון די פילע הונ־דערטער לעטערס „לאזט אונז נישט הונ־גערן מיט אונזערע קינדערלעך אין די היילגע יום־טוב טעג".

שטיצע קאן נאך רייכען אויף דעם גרוי־סען יום טוב סוכות און נאך די ימים טובים איז ביז גאר נויטיג אייער שטיצע.

איך האף דער גוטער שנעלער ענט־פער וועט קומען פון אייך, טייערע אמע־ריקאנער אידען, וואס איר זייט בארימט איבער דער וועלט מיט אייער גוטהארצי־גקייט. דער זכות פון צדקה איז דאך זעהר גרויס א גאנץ יאר, איבערהויפט איצט אין די „ימי הרחמים" אין די גרויסע פארכטיגע, היילגע טעג. איצט צום גרעס־טען, היילגסטען טאג „יום כיפור" ווען מיר דערווארטען צו קריגען פון היילגען באשעפער א גמר חתימה טובה, דארפען מיר דערפאר צאלען מיט „תשובה תפלה צדקה".

גרויס איז די קראפט פון צדקה! שטע־לט זיך די פראגע צו די יעניגע, וועלכע

זענען שוין מיד געווארען צו שטיצען די „רפואה וחיים": פארוואס לאזט איר אונז אין מיטען ים פון דער גרויסער, הייליגער צדקה ארבעט?

מיר רופן צו אייך מיט פארצווייפעלטע געשרייען: „רעטונג, שנעלע רעטונג איז דרינגענד!" אויך אפעלירן מיר פאר נייע מעמבערס, בלויז 5 דאלאר א יאר „דיוס".

זייט אלע געבענשט מיט א שנת חיים ושנת גאולה צום כלל ישראל, אמן.

אייער אלעמענס פריינט, א פריינט צו אלץ וואס איז הייליג און ערהאבן צום אלמעכטיגען ווי צום כלל ישראל.

א ברכה צו אונזער ערען פרעז. בעלא ברין תחי׳; ברכות צו מיינע טייערע קינדער הרב ר׳ יוסף גדליהו נ״י; צו הרבנית סימה׳לע תחי׳ און צו ארץ ישראל.

מעטעה ווערטהיימער

---

אין נאמען פון אונזער חשוב׳ער פרעזידענטין, מרת ווערטהיימער תחי׳ וואס איז איבערגעגעבען צו דער הייליגער ארבעט פון „רפואה וחיים", ווי אויך צו נאך פיל הייליגע מוסדות, ווי אויך אין נאמען פון אלע אפיסערס, דאנקען מיר הארציג די שטיצערס. שליסט זיך אן אלס מעמבערס אין דער בארימטער „רפואה וחיים", עס קאסט בלויז 10 דאלאר א יאר „מעמבערשיפ". די וואס ווילען שיקען דירעקט שטיצע צו אידען קיין ישראל, קענען קריגען די אדרעסן ביי „רפואה וחיים", וועלכע זענען באשטעטיגט פון ערליכע אינוועסטיגייטארס און רבנים פון דער געמיינדע. שיקט ניט אן ריכטיגער איבערצייגונג. פאר דעם צוועק איז די „רפואה וחיים" ארגאניזירט געווארן. אזוי קריגט ניט איינער צופיל און דער אנדערער גארניט, אבער די ערליכע „רפואה וחיים" פארטיילט די צדקה סיסטעמאטיש און גלייך. וואס מער איר וועט שטיצען, אלץ מער קעיסעס וועלען מיר קענען באוויליגען. דער געשריי פאר הילף איז איצט גרויס אויך פון אנדערע לענדער און אייער שטיצע איז איצט זעהר נויטיג.

---

# „דאנקט דער רפואה וחיים"

געעהרטע און חשוב׳ע „רפואה וחיים סאסייעטי": מיט קיין ווערטער קען איך דאס ניט ארויסשרייבען, די פען איז צו שוואך ארויסצוגעבען וואס איהר האט געטאן

מיט אונז דורך מיין שוואגער, הרב ר' זאב הערשקאוויטש שליט"א רב פון עגער, מיר זיינען קיין עין הרע א גרויסע משפחה, פיער קליינע קינדער און די פרנסה איז זעהר שוואך און איהר זענט אונז מחיה ממש, וואס איך באקום דורך מיין שוואגער נ"י. פילע תלמידי חכמים און ערליכע אידען זיינען זיך מחיה מיט דער שטיצע וואס מיין שוואגער צוטיילט פאר זיי פון אייערע טייערע פאקעטען, השי"ת דער אב יתומים זאל אייך אלעמען פון דער „רפואה וחיים" מיט אייער פרעזידענטין מעטעה ווערטהיימער באצאלען מיט אלעם גוטען, און איהר זאלט קיינמאל פון קיין נויט ניט וויסען.

יעקב יודא דייטש,

פאפיא, אונגארן

---

## ער פיהלט שוין בעסער און דאנקט פאר די הילף

געעהרטע פרעזידענטין פון „רפואה וחיים", מעטעה ווערטהיימער:

איך קען אייך שרייבען, דאס איך בין שוין ב"ה בעסער נאך דעם נוצען די מעדיצין, וואס איהר האט געשיקט און איצט האב איך דערהאלטען דאס „קער" פעקעל, פון וועלכען איך קאן אייך גארניט באדאנקען, אזוי פיל פאר די גרויסע טובה, וואס איהר האט מיר געטאן. איך קען אייך שרייבען, דאס די פרייד איז ביי מיר אזוי גרויס געווען, דאס איך האב פון פרייד געוויינט, וואס השי"ת האט מיר צוגעשיקט אזא גוטע מאמע ווי איהר זענט. איך בעט ביים אלעמעכטיגען, ער זאל אייך אפהיטען פון אלעם בייזען, און איך האף עס וועט מקוים ווערען, דען עס שטעהט געשריבען אין דער הייליגער תורה „ווער עס ראטעוועט איין מענש, איז גלייך ווי ער ראטעוועט א גאנצע וועלט", און איהר וואס העלפט טויזענטער אומגליקליכע און קראנקע, וועט ער אייך באשטימט העלפען מיט געזונט און אריכת ימים ושנים.

איך האב שוין אויך דאס אנדערע פעקעל מיט קליידער דערהאלטען, פאר וועלכען איך דאנק אייך נאך אמאל. איך האף אז איהר וועט מיך אויף ווייטער נישט פארלאזען.

מיר גריסען אייך און ווינשען אייך אלעס גוטע אין דער וועלט.

אברהם ווידער

פה מחנה גאבערזע.

# אן איבערבליק וועגן דער וויכטיגער ארבעט פון „רפואה וחיים"

מיר די אפיסערס פון „רפואה־וחיים" האבן באשלאסן, אז עס איז שוין ווירקליך צייט צו שילדערן פאר אונזערע מעמבערס און פריינט, די גרויסע, קאלאסאלע ארבעט וואס „רפואה וחיים" האט געטאן זייט דער גרינדונג מיט 6 יאר־צוריק. און דער עיקר פון דער וואונדערליכער, הארציגער פרעזידענטין מטעה ווערטהיימער תחי', ווי אזוי די חשוב'ע פרעז. גיט אריין לעבען און נשמה אין דער הייליגער ארבעט, עס איז ממש צו שטוינען, מיט וועלכער איבערגעגעבענקייט און וואַרעמקייט די חשוב'ע פרעזידענטין לייסטעט די הייליגע ארבעט פון „רפואה וחיים". דאס קאנען נאר עדות זאגען מיר, וואס טרעפען זיך מיט דער חשוב'ער פרעז. טאג־טעגליך ביי דער צדקה ארבעט. נישט קוקענדיג וואס מען איז פארנומען כמעט 18 שעה אין מעת לעת, געפינט צייט אונזער חשוב'ע פרעז. צו אטענדען און זיין אנגעשלאסען אין צענדליגער אנדערע ארגאניזאציעס, איבערהויפט פילט מען איר איבערגעגעבענקייט ווען עס קומט צו בנין הארץ, און אויך העלפן שוועסטער און ברידער מיט וואס נאר עס איז מעגליך.

עס איז צום שטוינען ווי הונדערטער לעטערס פון נויטבאדערפטיגע מוזען דורכגיין דורך דער פרעזידענטין'ס הענט אליין, און פאר יעדען ליידענדיגען געפינט אונזער חשוב'ע פרעזידענטין הילף: ווען מען מיט מעדיצין, ווען מען מיט שפייז; אויך מיט קליידונג, און נישט נאר מיט מאטעריעלער שטיצע, נאר אויך מיט גייסטיגער שטיצע. למשל, פאר יעדען איינעם געפינט די פרעזידענטין א טרייסט־ווארט און צייט זיך אדורכצושרייבען. עס קומען אן צענדליגער בריוו מיט דאנקען צו דער פרעזידענטין, וואס מיט אירע הארציגע ווערטער האט זי דעם עלענדען ממש מחיה געווען.

מיר קאנען עדות זאגען ווי די פרעזידענטין זאגט זיך אפ פון יעדן סארט פלעזשור און שפארט ממש פון די שלאף־שטונדען צו אטענדען קראנקע און עלענדע, איר וועט איר טרעפען כמעט יעדער שעה פון טאג ביים טיש, ארייגקוקען אין יעדער קעיס באזונדער, און אויב איר זעט איר אמאל אין גאס, איז דאס נאר פון פאסט־אפיס, כדי אליין מקיים צו זיין די גרויסע מצוה פון אפשיקען מעדיצין, אדער קליידונג אין יעדען ווינקעל פון דער וועלט צו די וואס ווענדען זיך נאך הילף. די מסירות נפש'דיגקייט פון דער פרעז.

איז ממש נישט מעגליך אויסצודריקען אויף פאפיר. לעצטען יאר, נישט קוקענדיג וואס מען האט איר פארזיכערט, אז דאס מאכען פון איר א לאנגע רייזע קיין ישראל איז זעהר שווער, דאך האט אונזער חשוב׳ע פרעז. באזוכט ישראל און פערזענליך דור־רכגעפירט אונטערזוכונגען צווישען הונ־דערטער משפחות, וואס האבען זיך גע־ווענדעט נאך שטיצע. דאס איז ניט געווען קיין גרויס פארגעניגען, אבער ווען עס האנדעלט זיך אין די אינטערעסן פון „רפו־אה וחיים" דאן עקזיסטירט נישט ביי אונ־זער פרעז. קיין שוועריגקייטען.

ביים פאקען די קליידונג, איז צו בא־וואונדערן, ווי די פרעז. אליין קוקט דורך יעדען מלבוש, עס זאל „פיטען" לויט דער פאטאגראפיע פון פאראינטערעסירטען, עס זאל אויך זיין ריין און ווערטפול. „איך טאר נישט פארגעסן אויסצונוצן יעדע געלעגענהייט צו באזארגן די ליידענדע", זאגט די פרעז. מיט באדוירעונג, „עס איז שוין גענוג, וואס זיי, די ליידענדע, דארפען נעבעך אנקומען נאך שטיצע", דערום דארפען מיר זעען זיי ניט צו פארשעמען און שיקן גוטע קליידונג. דעריבער איז טאקע ניט קיין וואונדער, וואס קומענדיג קיין ישראל האט אונזער חשוב׳ע פרעז. געהאט א קבלת פנים פון הונדערטער מש־פחות, וואס זענען געקומען פערזענליך אוי־סדריקען זייער דאנק צו דער חשוב׳ער פרעז. , און ווען מען האט איר געדאנקט איז געווען איר ענטפער; „דאנקט נישט מיר, נאר השי"ת און צו אונזערע טייערע, הארציגע מעמבערס און פריינט פון „רפואה וחיים", וואס א דאנק זיי איז מעגליך אייך צושטיצען".

די איבערגעגעבענקייט פון אונזער חשו־ב׳ער פרעז. מרת מעטעה ווערטהיימער תחי׳ צום לאנד און פאלק קומט נאך פון איר יוגענט, ווען אין ישראל איז נאך אלץ געווען האלב וויסט און מענשען זענען פון מאלאריע אויסגעשטארבען, האט אונ־זער פרעז. , אלס יונג קינד, איבערגע־לאזט די עלטערן און משפחה אין יוראפ, און אין 1925 אוועק קיין ישראל אלס חלוצה, צו העלפען בויען דאס לאנד מיט די אייגענע כוחות.

מען קאן אנשרייבען א דיק בוך פון איר אינטערסאנטער לעבענס־ביאגראפיע. עס איז ווערטפול צו קומען זיך באקענען פערזענליך מיט אונזער חשוב׳ער פרעז. און אליין הערען, וואס די פרעז. האט פאר א פלענער אויף דער צוקונפט, ווי אזוי צו פארגרעסערן די שטיצע פון „רפואה וח־יים" און טאקע רעדען מיט דער טרייער טאכטער פון אידישען פאלק, און געטרייע מוטער פון אלע עלענדע און ארעמע שווע־סטער און ברידער.

נאר שווער פארצווייפעלט איז די פרעז. ביי דער איצטיגער צייט, וואו צו נעמען דאס געלט, כדי צו אטענדען די פילע, פי־לע מעדיציין קעיסעס איבער דער וועלט! שטיצט די הייליגע, ערליכע „רפואה וח־יים״, וואס ראטעוועט אידישע לעבענס אי־בער דער וועלט, איבערהויפט אין ישראל.

ערן־פרעזידענטין, בעלא ברין;
פרעז. מעטעה ווערטהיימער;
וויס־פרעז.: מר. קוק, מר. טשארני און מרס. אדעלמאן;
טרעזשורער, לואיס אדעלמאן;
סעקרעטאר יעקב פיאלקא.

---

גערדרוקט אין „אמעריקאנער״ אקטאבער 31, 1958

## רפואה וחיים סאסייעטי

זעהר חשוב׳ער הער רעדאקטאר!

אין צוזאמענהאנג מיט דעם צען־יערי־גען עקזיסטענץ פון דער „רפואה־וחיים סאסייעטי״, ווענד איך זיך צו אייך, גע־ערטער רעדאקטאר, מיט דער בקשה צו דערמיגליכען דאס פארעפענטליכען מיינע אונטען געשריבענע ווערטער, פאר וואס איך דאנק אייך זעהר אין פאראויס.

איך וועל באמת נישט מגזם זיין, ווען איך וועל באלד ביים אנהויב זיך פאר־שטעלען, אז איך בין געווען דער גורם, אז די דערמאנטע אינסטיטוציע זאל גע־גרינדעט ווערען, און בין באהאווענד א־רויסצוזאגען מיין מיינונג אין שייכות מיט דער נוצבארער טעטיגקייט פאר קראנקע אידען אין פוילן, מצד דער „רפואה וחיים״ בכלל און מצדי די פרעזידענטין אירער, מרת מעטא ווערטהיימער בפרט!

ביז היינט־צו־טאג איז פאר מיר — און פאר מיינס גלייכען — אן אומפארשטענ־דליך רעטעניש: ווי אזוי איז מעגליך גע־ווען דאס אלץ איבערצולעבען? ווי אזוי איז מעגליך געווען, אז אי משך פון 24 שעה אין מעת־לעת, זאל דער מענש, אין די היטלער־לאגערס, אויפשטיין צענדליג מאל תחית־המתים?!

זייענדיג דעם ערשטען טאג אין טויט־טען־לאגער „אוישוויץ״ זעענדיג מיט איי־גענע אויגען וואס עס קומט פאר ארום מיר, האב איך צו מיינע אחים לצרה אויס־געשריגען:

...דא געפינען זיך לעבעדיגע. זיי זע־נען שוין אבער געשטארבען!...

יא אזוי איז דאס געווען.

זינט וועלט איז וועלט, לעבען מענשען.
זינט וועלט איז וועלט, שטארבען מענשען.

אין די היטלער־לאגערען האבען מענ־שען געלעבט און געשטארבען — גלייכ־

צייטיג! עס האט געמאכט דעם איינדרוק, אז די היטלער־לאגערן האבן זיך נישט געפונען אויף דער וועלט. נאר ערגעץ אין שאול־התחתיות, אדער ערגעץ אין די הוי־כע וויסטענישען אין הימלישע ספערען, דארט ווי די „ספוטניקס" פליען, און דאס געזעץ פון אונזער ערד איז דארט נישט חל...

און זוכענדיג א באשייד פאר דעם דא־זיגען רעטעניש, בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דאס, וואס איך בין צו־ריקגעקומען צווישען די לעבעדיגע, איז געווען, דער אומגעהויער ווילען און דראנג זיך צו טרעפען מיט ווייב און קינד, זיי צו טרעפען צווישען די לעבעדיגע.

שרעקליך איז אבער געווען, ווען די דערמאנטע שטרעבונגען זיינען צונישט געווארען!

דאס קאן מען מיט קיין שום פעדער נישט באשרייבען! זעענדיג, אז איך בין געבליבען אליין, פאראיינזאמט אן נאענ־טע, אן א היים, בין איך פאר צרות קראנק געווארען אויף דער שרעקליכער קראנ־קהייט — טובערקולאזע.

פון מיין צייטווייליגער נארע האט מען מיך מיט דער הילף פון א טראגבעט גע־ברענגט אין א הויז, וואס מען האט גערו־פען „סאניטאריום", א פריוואטער הייל אנשטאלט, א דאקטאר, קראנקען שוועס־טער, אבער וואו נעמט מען מעדיצין?

אויפסניי ווערט יעדער קראנקער בא־הערשט פון דעם באקאנטען קאשמאר — לאגער־געדאנק.

„והיו חייך תלואים לך מנגד, ופחדת יומם ולילה, ולא תאמין בחייך!"

און פלוצים א פונק פון האפענונג. עס פארשפרייט זיך צווישען די קראנקע, די די הונדערט פאראיינזאמטע אידן, די ידי־עה, אז אין דער ווייטער אמעריקע איז דערפונדען געווארען א ראדיקאל הייל־מיטעל קעגען ט. ב. צ. קראנקהייט.

די קראנקע האבן געהאט קרובים אדער באקאנטע אין אמעריקע, און האבען דאס הייל־מיטעל „סטרעפטאמיצין" — באקו־מען און זענען פון טאג־צו־טאג געווארען געזינטער.

וואס האבען אבער געקענט טאן די יע־ניגע, וואס האבען אויף יענער זייט ים נישט געהאט קיין קרוב און קיין גואל?!

איך האב מיך געשטארקט און פאר־זוכט שריפטליך זיך צו ווענדען צו דער אידישער פרעסע אין אמעריקע, וואו איך האב אפעלירט צו מיינע אומבאקאנטע ב־רידער און שוועסטער, אז זיי זאלען מיך ראטעווען פון א זיכערן טויט!

די ערשטע וועלכע האבען זיך אפגע־רופען אויף מיין הארץ־רייסענדיגען אפיל, איז געווען די חשוב'ע מרת מעטא ווער־טהיימער פון פילאדעלפיע.

עס איז אוממעגליך שריפטליך איבער־צוגעבען כאטש א קליינעם טייל פון דער גרויסער איבערראשונג, וואס דער בריוו

האט ארויסגערופען אויף אלע קראנקע בכ־לל, און אויף מיר בפרט.

טייערער אידישער ברודער! — שרייבט צו מיר די איידעלע מרת ווערטהיימער, — איר זאלט מער ניט זאגען, אז איר זענט איינזאם, ניין! איר האט דא אין אמעריקע א סך, זעהר א סך טויזענטער ברידער און שוועסטער, וואס וועלען אייך נישט לאזען שטארבען ח"ו.

שטארקט אייך, — שרייבט זי ווייטער אין איר מאמע בריוו צו מיר — שטארקט אייך, ווייל די הילף איז שוין נאענט. שוין היינט שיק איך אייך דורך לופט־פאסט א געוויסען קוואנטום סטרעפטא־מיצין, און איר קענט זיין רואיג, אז איר וועט ווייטער באקומען די נויטיגע צאל מעדיציין.

איך האב געלייענט די דברים היוצאים מן הלב, און נישט געגלויבט מיינע אייגע־נע אויגען, ניין, אזעלכע ווערטער, מיט אזא קוואל פון ווארימקייט קען נאר אן אייגענע מוטער שרייבען.

און איר שרייבען איז פארוואנדעלט גע־ווארען אין מעשים און ווי דער סדר איז, אז צדיקים אומרים מעט, ועושים הרבה... אויסער מעדיצין איז געקומען פארשיי־דענע פאקעטען מיט שפייז, מלבושים און אויך געלט. אירע אפטע בריוו, האבען גע־ווירקט אויף דעם קראנקען, — אפשר ניי־שט ווייניגער ווי די מעדיצין.

„.. צו העלפען אידישע קראנקע — ש־רייבט זי אין איינעם פון אירע בריוו — צו־העלפען אידישע קראנקע בין איך גר־ייט צו פארזעצען מיינע דימענטען".

גליקליך און צופרידען איז זי געווען, ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז איר אר־בעט איז געקרוינט געווארען מיט דער־פאלג.

און שפעטער נאך מיין געזונט ווערען, ווען עס איז געגרינדעט געווארען די „ר־פואה וחיים סאסייעטי", מיט דער זעלבער מרת מעטא ווערטהיימער אין דער שפיץ. דעמאלט ווערט זי באהערשט ווי דורך א הייליגען ווילן אויסצופירען איר אויפגא־בע בשלימות. ווי א געטרייער פעלד מאר־שאל פירט זי אן מיט דער טעטיגקייט פון „רפואה וחיים", איר נאמען ווערט צווישען די קראנקע דערמאנט מיט דרך־ארץ. אי־רע הארציגע בריוו ווערען געלייענט בצי־בור. איך וועל איצט איבער'חזר'ן מיין געדאנק וועגען דער חשוב'ער מרת מעטא ווערטהיימער, וועגען וועלכער איך האב שוין זיינער צייט געשריבן, נעמליך: איר אומדערמידערליכע טעטיגקייט לטובת די אידישע פאראייזאמטע קראנקע, האט דערמאנט די לעגענדע וועגען ירמיהו הנ־ביא, וואו עס איז ערגעץ פאראן אן אגדה:

„הלך אחרי הגולים, ומלקט את האצ־באות שנקטפו מידיהם ומנשקם וקיבצם לתרמילו...".

דורך דער פארמיטלונג פון אירע בריוו, דורך די פאזיטיווע מעדיצינישע הילף,

האט זי צוזאמענגעקליבען ידיעות וועגען אידישע קראנקע, און ווען זי האט באקומען באגלויבטע נאכריכטען, אז דער־און־דער דא־און־דארט איז ווירקליך קראנק, ווירקליך איינזאם, איז די הילף נישט פארשפעטיגט אנגעקומען! און ארום דער פעריאן פון דער פרעזידענטין מרת מעטע ווערטהיימער וועלט צווישען די קראנקע אידען אין מדינת־פוילען געוועבט לעגענדע!...

איצט ביי מיין אויסוואנדערן פון פוילען אלס געזונטער און נארמאלער מענש. איצט צו דער צען יעריגער עקזיסטענץ פון דער ניצליכער הייליגער אינסטיטוציע, וואס איז געקרוינט געווארען מיט גרויס דערפאלג, האלט איך פאר א הייליגען חוב זיך צו טיילען מיט די לייענער, מיט די מיטגלידער פון דער דערמאנטער „רפואה־וחיים סאסייעטי. זאלען זיי וויסען, וואס די דאזיגע אינסטיטוציע האט אויפגעטאן פאר נויטבאדערפטיגע און קראנקע, איינזאמע מענשען און צו וואסער דערפאלג זי האט דערגרייכט.

ווער קאן נאך מער ווי מיר, געוועזענע פאראיינזאמטע קראנקע, האבען די מעגליכקייט דאס פעסטצושטעלען.

אין מיין אייגענעם נאמען, און אין נאמען פון פיל, פיל געוועזענע קראנקע ווינש איך, אז די „רפואה וחיים" מיט איר אומדערמידערליכער פרעזידענטין מרת מעטא ווערטהיימער זאל ווייטער גיין פון דערפאלג צו דערפאלג מיט איר טעטיגקייט לטובת די אידישע קראנקע בכל מקום שהם".

בברכת כתיבה וחתימה טובה

מלך אפמאן.

---

אויסשניט פון „טאג — מארגען זשורנאל"

## רפואה וחיים סאָסייעטי וועט פייערן 10־יאריגען יובילעי היינט, מיטוואך אווענט

היינט מיטוואך, 8 אווענט, וועט פארקומען א וויכטיגער מיטינג פון דער רפואה וחיים סאסייעטי, אין הויז פון דער פרעזידענטין מרס. מעטא ווערטהיימער, 5120 נארט 9טע סטריט.

אויסער דעם וואס עס וועלען פארגעבראכט ווערען וויכטיגע פראגען און עס וועט צוגעשטעלט ווערען אן אויספירליכער באריכט וועגען די אקטיוויטעטען פאר דעם יאר און א פינאנץ־באריכט פון פינאנץ־סעקרעטאר, וועט פארקומען א פייערונג פון 10־יאריגען יובילעי פון דער סאסייעטי.

די רפואה וחיים אונטער דער ענערגי־

שער און אויפריכטיגער פירונג פון מרס. ווערטהיימער, האט אין די פארגאנגענע יארען געטאן פיל גוטעס פאר ארימע, קראנקע און עלענדע פערזאנען אין ישראל. אויך אין אייראפאישע לענדער, און עס וועט זיכער זיין העכסט אינטערסאנט צו הערען ווי אזוי די געהאלפענע לויבען און דאנקען די נאבעלע סאסייעטי פאר דער געגעבענער שטיצע.

מרס. פוירל בוירג, פון קעמדען, וועט אינסטאלירט ווערען אלס נייע וויס־פרע־זידענטין. הרב ר' אליעזר פופקא וועט זיין דער גאסט רעדנער.

אלע פריינט און פערזאנען וואס פאר־שטייען די וויכטיגקייט פון צדקה זענען געווארען צוליב דער שטארקער קעלט. און מרס. ווערטהיימער היינט, מיטוואך, 8 אווענט. דער מיטינג האט געזאלט פאר־קומען מאנטאג, איז אבער אפגעלייגט געבעטען צו קומען אין הויז פון מר.

---

אויסשניט פון „אמעריקאנער"

# געוועזענער סעקרעטאר פון רפואה וחיים סאָסייעטי שרייבט וועגן די גרויסע פארדינסטען פון דער אָרגאַניזאַציע און איר פרעזידענטין מרס. ווערטהיימער

אין שייכות מיט דעם בריוו, וואס איז געשריבען געווארען פון מלך האפמאן פון פוילען צום רעדאקטאר פון „אמערי־קאנער", און איז דערשינען דעם 31־טען אקטאבער 1958, מיט אן אפשאצונג פון דער נאבעלער ארבעט, וואס ווערט געטאן פון מרת ווערטהיימער תחי', דערציילענ־דיג ווי אזוי זי האט געהאלפען ארימע קראנקע אין די לאגערען נאך איידער די רפואה וחיים איז געגרינדעט געווארן, און ספעציעל ווי זי האט אים דירעקט געהאלפען, ווען ער אליין איז געווען גע־פערליך אנגעגריפען אויף די לונגען. ער איז געלעגען א לענגערע צייט, און איז נאר מיט דער הילף פון השי"ת און דורך דער שליחות פון מרת ווערטהיימער און א דאנק די נייע מעדיצינען געראטעוועט געווארען פון טויט. איצט איז ער גרייט צו עמיגרירן פון פוילען און אנהייבען א ניי, געזונט פריי לעבען.

„איך פיל אלס חוב ארויסצוקומען אין דער עפענטליכקייט אלס לייסטענדער סעקרעטאר פון „רפואה וחיים", דורך ווע־מעס הענט ס'זענען צענדליגער מענער, פרויען און קינדער געראטעוועט געווארען און געבראכט געווארען צו א נארמאל,

געזונט לעבען, — מיט מיין באקאנטמאַ־כונג וועגען דער חשוב׳ער פרעזידענטין פון רפואה וחיים, מרס. מעטה ווערטהיימער תחי׳.

„איך ווייס ניט פון קיין איינציגען פאל, ווען מרס. ווערטהיימער זאל זיך האבען אפגעשטעלט פאר וועלכער ס׳איז שוועריג־קייטען, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען הילף פאר א יתום, אלמנה, אדער אן אנדערן מענשן, וואס האט זיך גענויט־יגט אין שנעלער הילף. זעהר אפט האט מען געקענט באגעגענען מרס. ווערטהיימער תחי׳ לויפענדיג ערב־שבת אין פאסט־אפיס מיט א פעקעל מעדיצין פאר קראנ־קע, ניט פארגינענדיג זיך צו נעמען א טעקסי, ווייל דאס געלט איז נויטיג געווען צו קויפען מעדיצינען און אנדערע וויכ־טיגע זאכען פאר די, וואס ווענדען זיך צו רפואה וחיים. אויך האט מען אפט גע־קענט זען מרס. ווערטהיימער באזוכען פארשיידענע ארגאניזאציעס צוליב אן ענין פון רפואה וחיים, אדער פון תורה און בנין הארץ.

„און ביי איר זיינען אלע אזעלכע ענינים געווען פארבונדען איינער מיט דעם צווייטען, ווייל זי איז באמת דורכגעדרונ־גען מיט ליבשאפט צו צדקה, חסד און יראת שמים, וואס זענען צו איר, ווארשיינליך, געקומען בירושה פון איר חסי־דישער משפחה, וואס איז אין עסטרייך־אונגארן בארימט געווען פאר זייערע גא־בעלע מעשים־טובים.

„כ׳וויל אויך דערמאנען די גרויסקייט פון דעם זכות פון די מענטשען, וואס שטי־צען די רפואה וחיים, און ווי נידערטרעכ־טיגט עס זענען די האנדלונגען פון די מענטשען, וואס באמיען זיך צו שאפען שוועריגקייטען פאר דער רפואה וחיים, וואס טוט אזויפיל גוטס פאר קראנקע, עלענדע און נויטבאדערפטיגע אין אלע טיילען פון דער וועלט.

מיט טיפער אכטונג,

(אונטערגעשריבען)

רעוו. יעקב פיאלקי".

אויסשניט פון „טאג־מארגען זשורנאל"

אַ שנת חיים ושלום וגמר חתימה טובה!

מעטעה ווערטהיימער

פרעזידענטין פון

# „רפואה וחיים סאָסייעטי"

## באַגריסט צום נייעם יאָר אַלע מעמבערס און פריינד

טייערע פריינד:

זייט געבענשט פון אלמעכטיגען, מיט אייער שטיצע האבען מיר געקענט דערפרייען פילע פאמיליעס מיט שפייז אויף יום טוב, אבער עס שטראמען נאך בריוו וואס בעטען דרינגענד הילף פאר מעדיצין, שפייז, לינען און קליידונג.

טייערע אידישע קינדער, העלפט די וואונדערליכע „רפואה וחיים", וואס לייסטעט מיט פיל הארציגע ווארימקייט מיט הילף איבער די אידישע וועלט און איבערהויפט אין ישראל.

באזונדערס בענשען מיר אונזער נאבעלע פריינד **בעלאַ ברין** מיט איר חשוב'ע פאמיליע פאר איר לייסטונג און ווארימע איבער־געבענהייט ווי צום כלל ישראל, זי איז א פריינד צו אונזער ערהאבען טייער פאלק ישראל און צו ארץ ישראל.

אייער פריינד,

**מעטעה בת בלומעה ובת גדליהו.**

אויך איך ווינש א גוט געזונט יאר און א גמר חתימה טובה צו אלע מעמבערס, שטיצער און פריינד פון די „רפואה וחיים סאסייעטי", וועלכע שטעהען אימער גרייט צו העלפען די וועלכע ווענדען זיך צו דער „רפואה וחיים" פאר הילף אין זייערע פארצווייפעלטע ענגע צייטען. אויך ווינש איך א גמר חתימה טובה די פרעזידענטין מעטעה ווערטהיימער, זאל זי זיין געשטארקט און קאנען אנגעהן מיט איר הייליגע הילפס־ארבייט לטובת די ארימע קראנקע אין ישראל און אין די גאנצע וועלט. זאל זי זיין געזונט מיט איר מאן און קינדער, און אלע בעאמטע און דירעקטארען פון דער „רפואה וחיים" ווינש איך א גוט געזונט יאר.

**בעלאַ ברין**

אויסשניט פון „טאג־מארגען זשורנאל"

# בואכם לשלום

א האַרציגען בואכם לשלום צו

# מעטעה ווערטהיימער

## די פרעזידענטין פון דער באוואוסטער אָרגאַניזאַציע „רפואָה וחיים"

וואס איז איצט צוריקגעקומען פון ארץ ישראל, וואו זי איז געווען אין די אינטערעסען פון דער ארגאניזאציע. זי האט באזוכט די ארימע און ליידענדע פאמיליעס וועלכע ווערען געשטיצט מיט מעדיצין, קליידער, שפייז און לינען. זי האט פארשריבען נאך א סך נייע פאמיליעס וועלכע דארפען געשטיצט ווערען פון „רפואה וחיים".

מרס. ווערטהיימער דערצעהלט, אז דאס לאנד בליהט גייסטיג אין תורה, אבער שפייז און קליידונג פעהלט, ליידער, צו שטארקען פיזיש די ארימע איידעלע אידען אין ישראל. מרס. ווערטהיימער זאגט אז איצט וועט די „רפואה וחיים" אנפאנגען א גרויסע אקציע. דאס וויכטיגסטע פון איר טאגע־בוך וועט ערשיינען אין „אמעריקא־נער". מרס. ווערטהיימער בעט אלע מעמבערס און פריינד און שטיצער פון „רפואה וחיים" און אפעלירט צו זיי, אז יעדער איינער זאל אריינשיקען זיין אדער איר דאניישאן אין די הייליגע טעג צו ראטעווען אידען פון הונגער און נויט און קראנקהייט.

אין גיכען וועט פאַרקומען א גרויסע קבלת פנים פאַר מרס. ווערטהיימער, וואו זי וועט אַליין איבער־געבען אירע איינדריקע פון הייליגען לאנד.

מיר ווינשען אויך אַ האַרציגען מזל טוב צו מרס. ווערטהיימער צו דער חתונה פון איר טייערען זוהן יוסף גדלי' רלב"ג, בן הרב אייזיק רלב"ג, זאל זי האָבען נחת פון אים.

בעלאַ ברין (חנה גאלדע דיסקינד).

אויסשניט פון „אמעריקאנער“ פרייטאג, דעצעמבער 24, 1948

# רפואה וחיים

א פאעמע געווידמעט די נייע ארגאניזאציע
פון דער משפחה לייענער פון דעם „ווינקעל“

פון קלארא מאראָוו

א רעטונג שיפעל א קליינע
ארויסגעלאזען האט זיך איינע
אויפ׳ן שטורעמדיגען ים
בעט איך ג־ט ער זאל באשיצען
די אלע וואס אין שיפעל זיצען.

ריין איז דאך זייער כונה
זיי פירען קראנקע א מתנה
די „רפואה וחיים“
אויגען אפענע און ווייכע
זעהען הענד געשטרעקטע בלייכע
בעטען מ׳זאל זיי רעטען.

זיצט די ווערט־היימער די שענע
אין שיפעל ניט איינע
עטעל, שפרה, חיה
ווי שוועסטער גוטע טרייע
פריידיג נעמען זיך צום רודער
צו ראטעווען א ברודער.

און פון שיפעל דער בוירע
מיסטער שלאסמאן דער גרייז גרויער
זאל נאר ג־ט איהם געבען יארען
טוט אין שיפעל אויך פארען.

בעט איך ג־ט ער זאל באשיצען
די אלע וואס אין שיפעל זיצען.

# באגריסונגס־בריוו צום ערשטען קאנווענשאן פון „רפואה וחיים" סאסייעטי

ב"ה, אטוואצק, ד' אייר, תש"י.

חשובע פרעזידענטין פון „רפואה וחיים" סאסייעטי, מרת מעטא ווערטהיימער:

ר' יוחנן הסנדלר אומר: „כל כנסיה
שהיא לשם שמים, סופה להתקיים"

איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין, ווען איהר וועט אין מיין נאמען — ווי אויך אין נאמען פון א גרופע קראנק־געוועזענע פוילישע אידען, איבערגעבען די „רפואה וחיים" קאנווענשאן, אונזער הערצליכע באגריסונג.

אין טאג פון אייער צוזאמענקום, אין וועלכען עס וועט באהאנדעלט און דיסקוטירט ווערן די „רפואה־וחיים" טעטיגקייט, זאל אויך אונזער שטימע געהערט ווערן. און מיר באפולמעכטיגען אייך דאמיט, אז איהר זאלט אין אונזער נאמען איבערגעבען אלע מעמבערס פון דער סאסייעטי, דאס וואס מיר דענקען און פיהלען בנוגע דער אינסטיטוציע, וועלכע איהר האט דעם כבוד צו זיין פרעזידענטין.

איהר קענט איבערגעבען די קאנווענשאן, אז זיי דארפען זיין שטאלץ מיט דער סאסייעטי, וועלכע האט אין משך פון איהר קורצע עקזיסטענץ באוויזען צו זיין אזוי פאפולער מיט איהר נוצליכע טעטיגקייט.

איהר מעגט זיין שטאלץ וואס צעווישען דעם שארית הפליטה פון פוילישען אידענטום, געפינען זיך עטליכע צענדליגע אידען, געוועזענע טובערקולאז קראנקע, וועלכע האבען זיך געפונען אויף דעם ראנד פון זייערע קברים, און איהר מיט אייער הילף, מיט דער הילף פון באשעפער, זענט איהר געוועזען די גוטע מלאכים, די קראנקע, פון די קברים ארויסצורייסען! די עלענדע קראנקע אידען וועלכע זענען געוועזען באהערשט פון דער שרעקליכער קראנקהייט. — די עלענדע קראנקע וועלכע האבען די סאניטאריום־צימערן מיט זייער בלוט באפארבט — די עלענדע קראנקע וועלכע עס האט פארפעהלט לופט צום אטעמען און עס האט זיי געדראהט דערשטיקט צו ווערן. די אלע ווייסען פון אייגענע איבערציי־

גונג, פון אייגענע איבערלעבעניש, וואס דאס איז אזעלכעס: „רפואה־וחיים סאסייעטי".

פון דאנען די פאפולאריטעט, פון דאנען דער רעספעקט, דער יראת הכבוד פאר דער באשיידענער אינסטיטוציע מיט איהר גרויסע פארדינסטען, מיט איהר גרויסען קאמף געגען מלאך המות, וועלכער האט זיך פארלייגט אויף די עלענדע, אבגעשוואכטע אידען פון דער שארית הפליטה. די קראנקע וועלכע איהר האט מיט אייער סטרעפטאמיצין שיקען, פאר זיי דאמיט לופט צום אטעמען פארשאפט, די קראנקע וועלכע איהר האט מיט אייער סטרעפטאמיצין אבגעשטעלט זייער בלוט־שפייעניש און בלוטשטורצען, פאר אט די קראנקע, שוועבט פאר זייערע אויגען די ווערטער פון היילינגען נביא יחזקאל: „ואעבור עליך וארא מתבוססת בדמיך, ואמר לך בדמיך חיי, ואמר לך בדמיך חיי".

גלייכצייטיג האלטען מיר פאר אונזער חוב איבערצוגעבען דער חשוב'ער קאנוועגשאן וועגן די אינטענסיוויטעט און פינקטליכקייט, מיט וועלכע די ארבייט פון דער „רפואה־וחיים" ווערט אנגעפיהרט. די קראנקע וועלכע האבען די זכיה צו זיין אין קאנטאקט מיט די חשוב'ע פרעזידענטין, מרת ווערטהיימער, זענען איבערצייגט דורך דעם לעזען איהרע בריוו, אז זיי האבען דארט, אויף יענער זייט ים, א געטרייע שוועסטער און מוטער וועלכע טוהט אלעס מעגליכע צוצוהיילען די הילף פאר זיי, און פארגעסען אין זייער איינזאמקייט און עלענד קייט. איהרע בריוו, איהרע טרייסט ווערטער, ווירקען אויף די קראנקע ווי באל־זאם אויף זייערע וואונדען. און מיר גאנץ דרייסט און עהרליך צו איהר זאגען: „רבות בנות עשו חיל, ואת עלית על כלנה". און פון גאנצען הארצען שיקען מיר איבער אונזער באגריסונג צו אייך מיטגלידער, און אייך אנפיהרערשאפט, און מיר ווינשען אייך הצלחה און ווייטערדיגען ערפאלג אין אייערע היילינגע ארבייט פאר דער שארית הפליטה בכלל און פאר די קראנקע אין מדינת ישראל בפרט. „כל כנסיה שהיא לשם שמים סופה להתקיים".

אין נאמען פון די אונטערשטיצטע דורך די „רפואה־וחיים סאסייעטי".

זעליג אפעלשטיין.

ב"ה, יום א' לסדר שאו את ראש כל עדת בני ישראל כ"ג אייר, תשט"ו. אטוואצק.

החיים והשלום וכל טוב סלה לכבוד מר אדעלמאן נ"י, טרעזשורער פון „רפואה־וחיים".

טייערער און געשעצטער אונבאקאנטער פריינד!

עס איז פאר מיר א גרויסע עהרע און א גרויס פרייד וואס איהר האט געהאלטען פאר נויטיג מיר עטליכע ווערטער צו שרייבען. באמת בין איך פאר אייך דער אונבאקאנטער אפעלשטיין, אבער אין דער „רפואה־וחיים סאסייעטי", בין איך, לויט מיין מיינונג, איבערהויפט ניט קיין אונבאקאנטער! און איך בין זיכער אז אויב איהר שטעהט אין דער שפיץ פון „רפואה וחיים" פון דעם ערשטען מאמענט פון איהר אנטשטעהונג, איז מיין נאמען אייך געוויס באקאנט. אלענפאלס האט איהר געוויס שוין געהאט דאס געלעגענהייט צו הערן וועגען מיין פערזאן פון די געשעצטע איבער אלע געשעצטע שוועסטער מרת ווערטהיימער תחי'.

איך קען מיך נישט בשום אופן איינהאלטען און טאקע באלד אויף דעם ארט צו שרייבען אז איך בין אין צווייפעל צו דארט ביי אייך וויסען און קענען אבשאצען די גרויסע פארדינסטען פון די שוועסטער מרת מעטע ווערטהיימער, און פונקט אזויווי עס איז מיר ניט מעגליך איבערצושרייבען אלעס וואס די חשוב'ע פרוי האט פאר מיר געטאהן אום מיך צו רעטען און ביים לעבען צו דערהאלטען, אזוי איז נאך מעהר אונמעגליך צו באשרייבען א קליינעם טייל זאגאר פון איהרע מדות טובות פאר אידען בכלל און פאר קראנקע בפרט! אזא ריין אידיש הארץ וועלכע איז פול מיט איניציאטיוו און קעמפט מיט די גרעסטע שטערונגען דאמאלט ווען עס האנדעלט זיך אין געזונד פון אונזער א ברודער אדער שוועסטער! אזא הארץ, אזא מענש ווערט געבוירען איינע צווישען מיליאנען, איינע צווישען דורות. און דאס אליין וואס איהר ה' אדעלמאן שטעהט אין נאהנטע פארבינדונגען, שטעהט צוזאמען אין דער שפיץ און האלט צוזאמען וואך, און פיהרט צוזאמען מיט מרת ווערטהיימער תחי' די הייליגע ארבייט, איז דער בעסטער באוויז אז איהר האט די נויטיגע פארדינסטען דאצו. ווי זאגט דאס פאלקס־ווארט: „זאג מיר ווער דיין חבר איז, וועל איך דיר זאגען ווער דו ביזט". איך דאנק אייך זעהר פאר די הערצליכע געגרוסען גוטע ווינשען און פאר די אינטערעסירונג מיט מיר.

איך וויל מיר נעמען די דרייסטקייט אום אייך צו בעטען אז איהר זאלט צוהעלפען די געטרייע שוועסטער מרת ווערטהיימער אין דעם יעצטיגען פאר

מיר זעהר וויכטיגען מאמענט, און מיט געמיינזאמע כוחות באוויזען מיר יעצט צו העלפען צוריקגעווינען דאס ריכטיגע לעבען.

כברכת ידידו המכבדו ומוקירו,
זעליג אפעלשטיין

---

ליבוש בער האלפערט
אב"ד
דק"ק ארטה' בוקורסט יצ"ו

LEIBIS B. HALPERT
Prim Rabin al Comunitati-Evreiesti
Sectia Ortodoxa
Bucuresti Str. Margelelor No. 5

ב"ה, או ליום ה' פ' ויקרא תשי"א, בוקורסט יצ"ו.

חי ה„חיים" ישלח „רפואה" שלמה מן
השמים לכבוד האשה החשובה והנכבדה
בעלת נפש יקרה ויקרת־הערך וכו' מרת
מעטא ווערטהיימער תחי',
נשיאת חברה „רפואה־וחיים".

חשובע פרעזידענטין, דורך א צופאל בין איך ערפאהרען דאס איהר זענט נישט געזונד, דאס האט אויף מיר זעהר טרויעריג געווירקט. אבשאצענדיג אייער חשוב'ע ארבייט פאר'ן כלל, און קענענדיג נעהנטער אייערע געוואלדיגע לייסט־ונגען אויף דעם געביט פון עזרת חולים, פארשטיי איך אז איהר מוזט זיין געזונד און שטארק צו קענען פארטזעצען אייער ארבייט אויך ווייטער. נו, ווי איך בין אינפארמירט וועט איהר אודאי האלטען א פסק פון א רב, וועל איך פסק'נען עפ"י התורה דאס איהר מוזט זיין געזונד און האבען אריכות ימים, ווי עס שטעהט, רודף צדקה וחסד ימצא חיים צדקה וכבוד, און אונזערע הייליגע חכמים זאגען: „כל המרחם על הבריות מרחמין עליו מן השמים", און אז איהר האט אזויפיעל רחמנות ארויסגעוויזען פאר אזויפיעל ליידענדע, מוז מען אויף אייך רחמנות האבען מן השמים און אייך צושיקען א רפואה שלמה אז איהר זאלט זיין א

געזונטע מאמע פאר אייער קינד און א געזונטע פרעזידענטין פאר דער הייליגער זאך פאר וועלכע איהר ווידמעט אייערע בעסטע כוחות, זאלען מקוים ווערן אין אייך די אלע ברכות וואס אט די קראנקע און ליידענדע ווינטשען אייך תמיד.

אין דער ערווארטונג פון א באלדיגע בשורה טובה איבער אייער געזונדהייטס־מצב און ווינטשענדיג אייך כל טוב,

מיט כבוד,
ליבוש בער האלפערט

---

ב״ה, כד אלול תשי״א, בוקורסט יצ״ו.

כוח״ט ואריכות ימים ושנים טובים
לכב׳ הגברת הנכבדה אשה גדולה במעשים
מצוינת במדות יקרות אשת חיל וכו׳
מרת מעטא ווערטהיימער שתחי׳.

אין די טעג וואס מיר דערנעהנטערן זיך צום יום הרחמים, און מיר דארפען זיך מאכען יעדער א חשבון הנפש פון זיינע מעשים, צו ער האט זיך ערפילט זיינע פליכטען קעגענאיבער דעם בורא עולם קעגענאיבער זיינע מיט מענטשען און קעגענאיבער זיין אייגענע נשמה, אין אט די גרויסע טעג זענט איהר מיר געקומען אויף די געדאנקען און געטראכט איבער אייער טעטיגקייט פאר אזוי פיעל קראנקע און ליידענדע וועלכע נויטיגען זיך אין מעדעצינישע הילף. ווי גרויס איז אייער אקטיוו, און ווי שטארק זענען אייערע זכותים, זאגען דאך אונזערע הייליגע חכמים: „המקיים נפש אחת מישראל כאלו קיים עולם מלא“, נו, וויפיעל לעבענס האט איהר מיט אייערע מיטהעלפער דערהאלטען, וויפיעל פרייד און לינדערונג האט איהר אין אזויפיעל אידישע הייזער אריינגעבריינגט, און אזוי ווי מיר גלויבען אז אלעס איז פארשריבען, ווי די משנה זאגט: „וכל מעשיך בספר נכתבים“, האט איהר מסתמא דארט א גרויסע קאנטא און איהר וועט אודאי בזכות זה אנגעשריבען ווערן צו א ניי גליקליך יאהר, אייער מזל זאל דערהויבען ווערן מיט אלעם גוטען. השי״ת זאל אייך געבען אז איהר זאלט קענען ווייטער פארטזעצען אייערע הייליגע ארבייט מיט א גוט פרייליך געמיט און אלע אייערע בקשות זאלען ערפילט ווערן.

מיט כבוד,
ליבוש בער האלפערט
אב״ד בוקורסט.

ב"ה, יום א' פ' תצוה, תשי"ח

טייערע אונפארגעסענע שוועסטער מרת מעטא ווערטהיימער תחי'.

שוין א לענגערע צייט ווי איך וויל צו אייך א בריוו שרייבען, וואס זאל איך אבער טאהן אז עס שרייבט זיך ניט... איך בין לעצטענס אזוי אפאטיש געשטימט צו אלעס אז איך לייד נישט, איך פארטראג פשוט ניט מיין „שרייב געצייג". אט דאס „שרייב־געצייג" וועלכעס האט גורם געווען צו אונזער באקאנט־שאפט, דאס „שרייב געצייג" וועלכעס האט מיך מיט אייך פון וויטענס דער־נעהנטערט, פון וויטענס א־ו־נ־ב־א־ק־א־נ־ט באקאנט געמאכט שוין א קיימא־לן פון 10 יאהר!

אט דאס „שרייב געצייג" די „טינט און פעדער" ווי פאראדאקסאל עס זאל ניט קלינגען — האב איך ליידער לעצטענס פיינט באקומען... ווייל אזוי פאסירט שוין מיט דעם זינדיגען מענש. ריכטיג דריקט זיך אויס דער תלמוד וועלכער שרייבט: „כמה נסים וטובות עושה הקב"ה עם האדם... והוא אינו יודע". איז דער מענש אימשטאנד זיך דערמאנען וואס איהר האט אלעס ניט געטאהן אום מיך צו רעטען, אום מיך צו שטעלען אויף מיינע פיס?

איך קען מיך ליידער ניט דערמאנען די גענויע דאטע ווען די „רפואה־וחיים" געזעלשאפט איז געגרינדעט געווארען, איך בין מיך אבער משער אז אייער וואהלטאטע האנד איז אויסגעשטרעקט מיט ברייטע הילף שוין צען יאהר! עס זאגט זיך א פאלקס־ווערטעל: בעסער צו זאגען, קראנק געוועזען איידער צו זאגען, רייך געוועזען... פיעל טויזענד דאנק דעם אלמעכטיגען באשעפער און פיעל דאנק זיין שליח, דער גוטער מלאך, מרת מעטא ווערטהיימער תחי', קען איך היינט מיט פרייד זאגען: קראנק געוועזען!... איך דערמאן זיך די פאר־גאנגענהייט. מיט 10 יאהר צוריק. איך בין איינזאם, איך קען מיך נישט באהער־שען אז איך האב מיין גאנצע פאמיליע פארלוירען. די איינציגע האפענונג וועלכע האט מיך אין די היטלעריסטישע לאגערס ביים לעבען דערהאלטען איז געווען די האפענונג אז איך וועל מיין פרוי און איינציגען זוהן — ביים לעבען אנטרעפען. די האפענונג האט זיך ארויסגעוויזען ביי מיין אהיים קומען פון לאגער — אלס א פאלשע, אלס אילוזיאן! ארום גייענדיג א לענגערע צייט ווי א שאטען, געוויינט און געטראכט, געטראכט און געוויינט. באלד האב איך צוזאמען געבראכען, גייסטיג און פיזיש, א שווערע קראנקהייט האט מיך באהערשט. מאין יבא עזרי? וואס טוט מען? צו וועמען זיך ווענדען?

צווישען די קראנקע, מיט וועלכע איך געפין זיך אין סאניטאריום, וואנדערט פון בעט צו בעט, פון האנד צו האנד א אידיש־אמעריקאנער צייטשריפט, איך לעז דעם איבערשריפט פון די צייטונג, „דער אמעריקאנער". איך בלעטער דעם זשורנאל, איך לעז די קלוגע ווערטער פון מרת בעלא ברין. עפעס אן אונבא־גרייפבארע אינטואיציע עפעס א געהיים געפיהל האט זיך ביי מיר ערוועקט, א געדאנק האט אין מיר אויפגעבליצט: שרייבן!! נישטא קיין אנדער אויסוועג. שרייבען אין דער רעדאקציע פון „אמעריקאנער"... זיי זענען דאך אידען! אידען בני רחמנים!! איך בעט ביי די קראנקען שוועסטער טינט און פעדער. איך בין אראפ פון בעט, שנעל שרייבען א בריוו צו די רעדאקציע פון „אמערי־קאנער", אין עטליכע מינוט דער בריוו איז אנגעשריבען, איך דערמאן מיך געווי־סע פראגמענטען פון יענעם בריוו „.........א טייל פון מיינע חברים מיט וועלכע איך בין צוזאמען אין סאניטאריום, באקומען פון זייערע קרובים אדער באקא־נטע אין אמעריקא, דאס נייע ערפונדענע הייל מיטעל געגען טובערקולאז „סטרעפ־טאמיצין". ווערען זיי פון טאג צו טאג געזינטער, און איך ווער פון טאג צו טאג קראנקער און שוואכער. צו מוז איך צוליעב דעם וואס איך האב ניט קיין משפחה אדער באקאנטע אין אמעריקא, צו מוז איך געהן פון דער וועלט? צו וועל איך מוזען צוליעב עטליכע הונדערט דאלאר, וואס דאס הייל מיטעל מוז קאסטען, גיין יונגערהייט פון דער וועלט?....... און מיט גרויס הארץ קלאפעניש האב איך דעם בריוו אוועקגעשיקט אין דער ווייטער אונבאקאנטער וועלט, צו אונ־באקאנטע מענשען. וועלען זיי פארשטעהן? וועלען זיי זיך באמיהען צו פאר־שטעהן אז זיי לעזען א בריוו וועלכער איז געשריבען מיט דעם לעצטען טראפען בלוט פון אן איינזאמען קראנקען קוים לעבענדען מענש??

און באגיסענדיג זיך מיט א פרישען שטראם טרערען, בין איך צוריק ארויף אויף מיין געלעגער.. און עס האט זיך אנגעפאנגען פאר מיר די צייט פון ווארטען און ציילען. עס איז אריבער א טאג נאך א טאג, א וואך נאך א וואך, עס איז שוין אריבער א חודש. עס הויבט זיך שוין אן א צייט פון יאוש. איך האב שוין אן צו צווייפלען... עס איז שוין זעקס וואכען! און פלוצלונג, מיט שטילע אבער שנעלע טריט, מיט א גוטמוטיג שמייכעלע, באווייזט זיך פאר מיין בעט די אידישע קראנקען שוועסטער: „אט האט איהר א בריוו פון אמעריקא"! מיין האנד ציטערט ביי מיר, ווי דער בריוו וואלט געוואגן א שווער געוויכט... ווי דורך א נעפעל, לעז איך אין ראנד פון בריוו: מרת מעטא ווערטהיימער

1819 נידרא עוו. פילאדעלפיא, פא. ... א ווירקליכקייט, צו א חלום? מעטא ווערטהיימער? „ווער קען דאס זיין"? מיינס א קרובה? ניין! אפשר א געבוירענע אין מיין קליין געבורטס שטעטעלע? ניין, אזא נאמען אין מיין שטעטעל „זאלאשין" איז ניט געווען, עס איז אבער געשריבען „שווארץ אויף ווייס", זעליג אפעלשטיין, אטוואצק, סאניטאריום ט' ב' צ'. איך עפען דעם בריוו, פון איהם פאלט ארויס א צייטונגס־אויסשניט, איך דערקען מיינע ווערטער וועלכע איך האב געשריבען צו מרת בעלא ברין. אין איהר קאמענטאר צו מיין בריוו, ווענדעט זי זיך צו די לעזערס פון „אמעריקאנער" און אפעלירט.. „צו וועט ווער פון די לעזער פארבייגעהן גלייכגילטיג לעזענדיג דעם אפיל פון דעם קראנקען אפעלשטיין? איך בין זיכער אז ניט. איך בין נאר מקנא דעם לעזער וועלכער וועט האבען די זכיה צו זיין דער ערשטער וועלכער וועט ברענגען די בשורה טובה צו דעם קראנקען און איהם דער ערשטער צו וויסען געבען אז די הילף פאר איהם גייט און איז נאהנט"... דער רעזולטאט? ווער ווייס דאס בעסער פון אייך, טייערע שוועסטער, מרת מעטא ווערטהיימער! דאס זענט איהר דאך געווען די ערשטע שוועסטער, מרת מעטא ווערטהיימער! דאס זענט איהר דאך געווען די ערשטע לעזערין וואס האט געענטפערט אויף דעם אפיל. דאס האט איהר, טייערע שוועסטער, אין דעם מאמענט ווען איך האב אייער ערשטען בריוו ערהאלטען, אין מיר א נייע נשמה אריין געזעצט! דאס האט איהר מיינע אויסגעטריקענטע ביינער מיט פרישע נייע אדערן און פלייש באצויגען. אין אייער בריוו האב איך געלעזען, געזעהן, געהערט, דעם קול מבשר אז די הילף פאר מיר געהט! איהר שרייבט אין אייער בריוו:

„טייערער אידישער ברודער מר זעליג אפעלשטיין:

....איך הייל מיך צו אייך אויף דער שנעל א פאר ווערטער צו שרייבען. איך הייל מיך ווייל איך וויל זיין די ערשטע אייך צו ברענגען די בשורה טובה אז די הילף פאר אייך געהט, שטארקט אייך! איך וועל אנווענדען אלע מעגליכקייטען אז איהר זאלט די נויטיגע צאל סטרעפטאמיצין באקומען....".

איהר שרייבט ווייטער אין ערשטען בריוו צו מיר: „...אום צו רעטען אידישע קראנקע בין איך גרייט צו פארזעצען מיינע דימאנטען... שרייבט, טייערער ברודער וואס איהר נויטיגט חוץ מעדעצין, ווי קליידונג, שפייז, א. ז. וו. וועל איך אייך אלעס שיקען....".

איז דען מעגליך שריפטליך איבערגעבען דעם איינדרוק פון אזא פלוצ־

לינגע איבערקערעניש צום גוטען וועלכעס אייער בריוו האט ביי מיר ארויס־גערופען! אזא איבערלעבעניש קען נאר באגרייפען דער מענש וועלכער געפינט זיך אויף אן אונטערגעהענדע שיף אין מיטען ים, אט פארלאזען איהם די לעצטע כוחות און אט מוז ער זיך שיידען מיט זיין לעבען, און פלוצלינג באוויזט זיך פאר זיינע אויגען אן אונערווארטעטע גרויסע רעטונגס־שיף!!..

א טאג שפעטער. עס קומען אן נאך בריוו מיט געלד, פאקעטען מיט שפייז, פאקעטען מיט מלבושים, פון פארשידענע שטעדט און פארשידענע וועלט־טיילען. מיר דאכט זיך אז איך האב פיעל באקאנטע און פריינד וועלכע ווילען מיר דורך אויס ביים לעבען דערהאלטען... און א גרויסען דאנק דעם אלמעכטיגען האבען זיי מיך גערעטעט! און איך קען דרייסט זיי זאגען: איך בין קראנק געוועזען!...

מיט א צייט שפעטער האט זיך באוויזען אין דער דערמאנטע צייטונג א בריוו פון א געוויסען מאן מיט דעם נאמען מר שלאסמאן, וועלכער אפעלירט צו די לעזערס פון דעם „אמעריקאנער" אז עס זאל געגרינדעט ווערען די געזעל־שאפט וועלכע רופט זיך ביז היינט „רפואה־וחיים". — וואס די צוויי ווערטער באדייטען? דאס וויסען נאר אבצושאצען די קראנקע וועלכע האבען צו פאר־דאנקען זייער צוריקקערען צום געזונד — די הייליגע געזעלשאפט „רפואה־וחיים". דאס קענען עדות זאגען, דאס קענען באשטעטיגען די שטומע ווענט פון די סאניטאריום צימערן וועלכע פלעגען פון צייט צו צייט באשפריצט ווערען מיט אידיש בלוט פון די אידישע קראנקע.

איך בין שטארק איבערצייגט, אז ווען עס וואלט מעגליך געוועזען איינ־צוארדענען א צוזאמענפאהר, א פארזאמלונג פון די געוועזענע אידישע קראנקע וועלכע האבען גענאסען פון די אונטערשטיצונג פון „רפואה־וחיים", בין איך פעסט איבערצייגט אז אזא פארזאמלונג וואלט געווען א גרויסע מאניפעסטאציע פאר די „רפואה־וחיים" בכלל, און פאר איהר פרעזידענטין, מרת ווערטהיימער בפרט. ביי די קראנקע זענט איהר, מרת ווערטהיימער, די פארקערפערונג פון די הייליגע אינסטיטוציע! אין פיעלע פאלען האט אייער בריוועלע צום קראנקען, אייער אהרט שרייבען, אייער מוטערליכע ווארעמע ערמוטיגונגס ווערטער צום קראנקען, פיעל מאל מעהר געהאלפען אלס די מעדעצין.

איך וויל אייך ביים געלעגענהייט ווינשען פון טיפען הארצען אז איהר זאלט פיעל לאנגע יאהרען ווייטער שטעהן אין דער שפיץ פון די נוצליכע און הייליגע

טעטיגקייט פאר דעם אידישען קראנקען, ווייל איך וועל ניט זאגען קיין גוזמא אז איך וועל זיך ערלויבען אויסצודריקען דעם דערמאנטען וואונש אין נאמען פון כמעט אלע קראנקע וועלכע האבען ווען עס איז געהאט דאס געלעגענהייט צו באקומען פון אייך הילף און שטיצע.

מיט דעם הערצליכען וואונש אז די „רפואה־וחיים סאסייעטי" זאל זיך וואס מעהר און ברייטער ענטוויקלען, און מיט פעסטע טריט פאראויס מארשירען און ערפילען זיין הייליגע אויפגאבע, און מיט הערצליכסטע גערוסען צו אייך און אלע מיטגלידער פון „רפואה־וחיים",

**תחזקנה ידיכם!!**

אייער אונפארגעסענער פריינד און ברודער,

זעליג אפעלשטיין.

---

ב"ה, סיון, תשי"ח. פה אטוואצק.

## די טעטיגקייט פון די „רפואה־וחיים" סאסייעטי לטובת די קראנקע אידען אין פוילען

כי הרויתי נפש עיפה, וכל נפש דאבה מלאתי . . .

(ירמי' ל"א)

זייענדיג צופעליג אינפארמירט אז די פרעזידענטין פון „רפואה־וחיים־סאסייעטי" מרת מעטא ווערטהיימער תחי', האט אייך איבערגעגעבען צום דרוק איהר ספר, אין וועלכען זי באשרייבט־צעווישען אנדערן־די טעטיגקייט פון דער דערמאנטער סאסייעטי, האלט איך מיר פאר א חוב אויך פון מיין זייט צוצוגעבען דאס וואס מיר ליגט אויפ'ן הארצען וועגען דעם ענין. איך וועל אייך זיין זעהר דאנקבאר ווען איהר וועט שענקען — זאגאר א באשיידען שטיקעל פלאץ — אין דעם דערמאנטן ספר, פאר מיינע ווערטער, וועלכע זענען דברים היוצאים מן הלב!

ווען עס האנדעלט זיך וועגען „רפואה־וחיים" בכלל, און וועגען איהר פרעזידענטין, מרת מעטא ווערטהיימער בפרט, וועל איך בשום אופן ניט מגזם זיין ווען איך וועל זאגען אז איך בין „דער ריכטיגער מאן אויף דעם ריכטיגען פלאץ"! טראץ דעם וואס מיך טיילט פאנאנדער פון די „רפואה־וחיים" א מהלך רב, לענדער, ימים, בין איך אבער מיט מיין גאנץ וועזען, מיט מיין גאנצעס עקזיסטענץ,

געקניפט און געבונדען מיט די „רפואה־וחיים" אזוי אז איך וועל אויסנוצען די געלעגענהייט און איבערגעבען פאר די עפענטליכקייט חאטש א קליינעם טייל פון די מעשים טובים וואס די מרת מעטא ווערטהיימער האט געטאהן פאר מיר און פאר הונדערטער אנדערע פאראיינזאמטע אידישע קראנקע אין מדינת פוילען, נאך איידער די נוצבארע אינסטיטוציע איז געגרינדעט געווארען.

איך בין געוועזען איינער פון די עטליכע טויזענד אידען פון קרייז לאדז, וועלכע האבען דערלעבט היטלער׳ס מפלה. פון די צוריקקערענדע איז די גרעסטע טייל געבליבען עלענד, איינזאם, און קראנק. איך פון מיין זייט, ניט טרעפענדיג קיינעם פון מיינע נאהענטע, בין פאר גרויס צרות זעהר קראנק געווארען אויף די שרעקליכע קראנקהייט טובערקולאז! די דאקטוירים ערקלערען מיר אז נאר דאס איינציגע ניי ערפונדענע הייל מיטעל סטרעפטאמיצין וועלכעס איז פאראן אין די פאראייניגטע שטאטען — קען באקעמפען מיין קראנקהייט! צום טויזענדס־טען מאל האט געגומען פייניגען — ווי אין די היטלער לאגערן — די שרעקליכעווירקליכקייט פון: „והיו חייך תלאים לך מנגד! ופחדת לילה ויומם, ולא תאמין בחייך! — — געפערליך קראנק! אהנע היים! אהנע נאהנטע! קיין הילף, קיין טרייסט ווארט! מאין יבוא עזרי?

איך שרייב א בריוו אין דער רעדאקציע פון די אמעריקאנער אידישע וואכען שריפט, „דער אמעריקאנער"... איך אפעליר אין דער ווייטער אומבא־קאנטער וועלט אריין, און בעט מיך צו רעטען. איך אפעליר צום געוויסען פון מיינע אומבאקאנטע שוועסטער און ברידער מעבר לים, איך בעט רחמים! אפשר וועט ווער דערהערען מיין געשריי, מיין געבעט, און מיר באזארגען דאס וואונדער־ליכע הייל מיטעל וועלכעס איז פעהיג מיך צו רעטען פון א זיכערען טויט! מיין געשריי, מיין בקשה איז דערהערט געווארען!

די ערשטע לעזערין פון מיין אפיל וועלכע האט זיך אפגערופען מיט איהר גרייטקייט מיר צו העלפען אין מיין נויט, איז געוועזען מרת מעטא ווערטהיימער. זי שרייבט אין איהר בריוו צו מיר:

טייערער אידישער ברודער! איילע מיך ווי אמשנעלסטען אייך צו מעל־דען אז די מעדעצין פאר אייך וועט ווי אמשנעלסטען ארויסגעשיקט ווערען. זייט מוטיג און מונטער. זאגט מעהר נישט אז איהר זענט פאראיינזאמט. איהר האט דא אין אמעריקא טויזענטער שוועסטער און ברידער וועלכע וועלען אייך ניט לאזען אומקומען"! א. ז. וו.

איך האב מיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט!

איהר בריוו האט אנגעצונדען א פייער פון גלויבען אין מיר. עס האט ביי מיר אויסגעזעהן ווי א מעכטיגער שטראם פון א מעכטיגען עלעקטרישען רעפ־לעקטאר איז מיט זיין גאנצער קראפט און ענערגי אריין אין מיין צימער, וועלכע האט מיט זיינע מעכטיגע שטראלען פאריאגט די געדיכטע פינסטערניש!

מיט עטליכע טעג שפעטער! דער ערשטער קוואנטום מעדעצין איז אנגע־קומען! מיט דער צושריפט אז קורצליך וועל איך דערהאלטען די נויטיגע צאהל. איך דערהאלט שפייז פאקעטען, געלד, קליידונג. ממש: ברעב זנתנו, ובשבע כלכלתנו, מחלים רעים ורבים דליתנו!...

ווען די חשוב'ע מרת ווערטהיימער זעהט אז איהר רעטונגס־אקציע איז געקרוינט געווארען מיט ערפאלג, דאן איז: ונחה עליה רוח ה'! זי ווערט באהערשט דורך א הייליגען ווילען צו ווערען וואס מעהר אקטיוו, וואס מעהר טעטיג לטובת די אידישע פאראיינזאמטע קראנקע.

און אזויווי: ירמיהו הנביא — — ווי עס דערצעהלט די אגדה — — „הלך אחרי הגולים לבבל, ומלקט את האצבעות שנקטפו מידיהם, ומנשקם, וקיבצם לתרמילו..." אזויווי ירמיהו איז נאכגעגאנגען נאך די פארטריבענע אידען קיין בבל, און אויפ'ן וועג צוזאמען געקליבען די פינגער פון די פארטריבענע אידען, וועמען די פיינד האבען פון זייערע הענד אראפ געהאקט, אויסגעקושט יעדעס פינגערל, און צוזאמען געלייגט אין זיין טארבע... אזוי פאנגט אן מרת ווערטהיי־מער זיך נאכפרעגען אויף יעדען קראנקען איד וועלכער האט זיך צו איהר גע־ווענדעט וועגען הילף. זי קלויבט צוזאמען ידיעות אין אלע 4 עקען פון מדינת פוילען, און ווען עס האט זיך ארויסגעוויזען אז דארט און דארט נויטיגט זיך אן אידישער קראנקער אין שטיצע, איז די הילף מאמענטאל געקומען!

עס איז אריבער א קורצע צייט, און דער ליכטיגער נאמען „ווערטהיימער" איז געווארען דער צייכען, דער סימבאל פון ערמוטיגונג, פון הילף, איהר נאמען, איהר טעטיגקייט, א יד ושם!

איך, פון מיין זייט, קען מיך ביז היינט צו טאג ניט צוזאמענקלויבען וואס האט מעהר געווירקט אויף די פינסטערע געמיטער פון די קראנקע. די מע־דיקאמענטען, שפייז־וויטאמינען, קליידונג, וועש, אדער די הערצליכע מאמע־בריוו — געשריבען כסדר און שטענדיג מיט דער זעלבער האנדשריפט... וועגען איהרע בריוו צו קראנקע איז ווערטה אנצושרייבען א באזונדער ארטיקעל.. די

בריוו האבען ממש געאטעמט מיט מוטערליכעווארעמקייט, מיט היימקייט, מיט אמת'ער ביקור חולים! מיט ערלייכטערונג. כל המבקר את החולה נוטל אחד מששים מחליו... איהרע בריוו האבען געמאכט דעם איינדרוק ווי איינער וואס קען פערזענליך ניט קומען מבקר חולה זיין, און דעריבער שיקט ער אן אנגעזעהע־נעם שליח..

מיט א צייט שפעטער איז געגרינדעט געווארען די „רפואה־וחיים סאס־ייעטי", און ווי גרויס איז געווען די שמחה צעווישען די קראנקע אז די הארציגע מרת מעטא ווערטהיימער איז אוועקגעשטעלט געווארען אין דער שפיץ פון אזא וויכטיגע און נוצליכע אינסטיטוציע. אין מיין נאמען, ווי אויך אין נאמען פון די אלע אידישע קראנקע פון פוילען, וועלכע האבען גענאסען דורך דער פאר־מיטלונג פון מרת ווערטהיימער, סיי אין דער צייט איידער די „רפואה־וחיים" איז געגרינדעט געווארען, סיי נאך די ענטשטעהונג פון דער סאסייעטי, ווינש איך פון גאנצען הארצען, אז די מרת מעטא ווערטהיימער זאל נאך פיעל פיעל לאנגע, גוטע, געזונטע יאהרען געהן מעלה מעלה אויף איהר הייליגען פאסטען אלס פרעזידענטין פון „רפואה־וחיים" לטובת אידישע קראנקע בכל מקום שהם.

מיט גרויס צופרידענהייט האב איך אויפגענומען די ידיעה, אז אין קורצען וועט ערשיינען א בוך געשריבען פון די פרעזידענטין וועגן „רפואה־וחיים", און איך וועל ענדיגען מיין שרייבען מיט די ווערטער פון מדרש תנחומא:

„הקב"ה מתעסק בשבחן של צדיקים לפרסמן בעולם"

זעליג אפעלשטיין

ב"ה

# די שטימע פון די ישראל אפטיילונג פון „רפואה־וחיים"

(ראדיא בראדקעסט פון ירושלים צום אמעריקאנער אידענטום)

חשוב'ע אידען פון אמעריקא בכלל, און פריינד פון די געשעצטע „רפואה־וחיים" סאסייעטי, בפרט:

דא, רעדט צו אייך די שטימע פון די ישראל אפטיילונג פון „רפואה־וחיים". ערלויבט אונז אין די קורצע צייט וואס איהר שענקט אונז, אייך צו באגריסען פון הייליגען לאנד, און צו באדאנקען אייך הערצליך פאר אייער ווארימע הילף וואס איהר האט געשיקט ביז יעצט פאר די נויטליידענדע פאמיליעס אין ישראל און אין אנדערע לענדער וואס ווערען געשטיצט פון „רפואה־וחיים", און מיר ווילען אייך בעטען אויך אין דער צוקונפט זאלט איהר אין זיי ניט פארגעסען.

מיר ווילען אייך דא געבען א קורצע היסטאריע פון אייער „רפואה־וחיים", אונטער וועלכע אומשטענדען זי איז ענטשטאנען, און וואס זי האט אויפגעטאן ביז יעצט. מיט איבער צען יאר צוריק, ווען די שרעקליכע וועלט מלחמה האט זיך געענדיגט, איבערלאזענדיג אונזער אידישען פאלק צעבראכען און צעבלוטיגט, און עס האבען אנגעהויבען שטראמען די בקשות פאר הילף פון אונזערע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער אין אייראפע, האבען זיך ארגאניזירט א צאהל הארציגע אידישע פרויען, לויט דעם פארשלאג און אונטער די פיהרערשאפט פון אייער באליבטע, ענערגישע, זעלבסטלאזע טוהערין, מרת מייטאווערטהיימער תחי', וואס האבען ארגאניזירט גלייך די „רפואה־וחיים" סאסייעטי, כדי צו קענען מיט פאראייניגטע כוחות העלפען ראטעווען אונזערע אידען אין אייראפע.

די הילף איז געשיקט געווארען אין די פארמע פון לעבענס־ראטעווענדיגע מעדיצינען וואס האבען ממש מחיה־מתים געווען די האפנונגסלאזע קראנקע. הילף איז געשיקט געפארען אין די פארמע פון געלד, ווארימע קליידונג, מעדיצינישע אפאראטען, א. ז. וו. די גייסטיגע באדערפענישען פון די ליידענדע זענען אויך ניט פארגעסען געווארען. „רפואה־וחיים" האט זיי געשיקט לעזע מאטעריאל, צייטונגען, זשורנאלען, און מרת ווערטהיימער זעלבסט האט יעדען געשיקט ווארימע,

הארציגע טרייסט בריוו וואס האבען געווירקט וואונדערליך אויף די צעבראכענע שארבענס, ארייגעבענדיג זיי א ווילען צום לעבען מיט א האפענונג פאר דער צוקונפט, וויסענדיג אז עס זענען דא אידישע מאמעס וואס טראכטען און זארגען וועגען זיי.

אין פארלויף פון די צייט, אז די אידען האבען אנגעהויבען ארויסגעהן פון דעם פינסטערן גלות צו זייער אידיש היימלאנד ארץ ישראל, איז גלייך ווי דער „עמוד־הענן" „ועמוד־האש" האבען באגלייט די אידען בשעת זייער ארויסגעהן פון גלות מצרים קיין ארץ ישראל און זיי געשיצט פון די פיילען פון מצרים, אזוי האט די „רפואה־וחיים" באגלייט די אידען צו זייער היימלאנד און ממשיך געווען צו שיקען די הילף צו זיי אזויווי פריהער.

די הילף וואס די נויטליידענדע משפחות באקומען פון אייך, ליבע אידען, דורך אייער באליבטע „רפואה־וחיים" באשטעהט פון פאלגענדעס: — ערשטענס, מעדיצינען. דאס הייסט, עס זענען דא פיעלע לעבענס־ראטעווענדיגע מעדעצינען וואס ווערען נאך ניט פאבריצירט אין ישראל, איז ווען די „רפואה־וחיים" באקומט די בקשה פאר מעדיצין, ווערט דער פאל אונטערזוכט פון די „רפואה־וחיים" פארשטעהער אין ישראל, אויב די קייס איז נאר א ריכטיגע ווערט זאפארט די מעדיצין ארויסגעשיקט צום קראנקען דורך לופט־פאסט. אין פיעלע פאלען, אפילו ווען די מעדיצין וואס דער קראנקער באנויטיגט איז יא דא צו באקומען אין ישראל, פארלאנגט ער אויך פון „רפואה־וחיים" איהם צוצושטעלען די מעדעצין ווייל יענער האט ניט די מעגליכקייט צו באצאהלען די טייערע פרייזען פאר דעם. דאן באזארגט אויך די „רפואה־וחיים" פאר איהם די מעדעצין. — — — אויסער מעדעצין ווערען אויך געשיקט מעדיצינישע סופלייס, ראבער סטאקינגס, אפאראַ־טען פאר אסטמאליידענדע און אין געוויסע פאלען אפילו „הירינג־איידס".

פאר ימים־טובים ווערען רעגלמעסיג נאהענט צו הונדערט משפחות געש־טיצט, וואס העלפט פארלייכטערן פיעל דעם געוואלדיגען יקרות וואס הערשט דא אין ישראל.

פיעלע משפחות, צעווישען זיי אלמנות און אלטע לייט וואס זענען עלענד און האבען ניט ווער עס זאל זיך אומקוקען אויף זיי, ווער עס זאל זיי מיט עפעס שטיצען, באקומען פון די „רפואה־וחיים" אויסער די רעגעלמעסיגע שטיצע אויף יום טוב, אויך א רעגולערע מאנאטליכע שטיצע יעדען מאנאט.

די לאגע פון קליידונג איז דא זעהר א שווערע, דאס הייסט, קליידונג איז דא

צו קריגען אבער די פרייזען זענען אזוי אומגעהויער טייער אז אפילו דער פאר־מעגליכער מענש קען שווער צוקומען צו די נויטיגע קליידונג, בפרט דער ארימאן וואס האט קוים די מיטלען אויף זיין עסען. דארום איז א גרויסע הילף ווען איהר שיקט אייער קליידונג דורך „רפואה־וחיים".

א בעזונדער מעלה פון די „רפואה־וחיים" איז וואס אין אויסטיילענדיג שטיצע, טיילט זי דאס אויס צו די ריכטיגע נויטיגע פאלען. ווייל ווען עס קומט אריין אין אפיס פון „רפואה־וחיים" א בקשה נאך הילף, פארבינדען זיי זיך גלייך מיט זייערע פארשטעהר אין אלע טיילען פון ישראל, וועלכע זוכען אונטער יעדען פאל, כדי צו פארזיכערען אז אייער געלט זאל קומען אין ריכטיגען פלאץ. דורך דעם האבען מיר שוין פארמיטען אין געוויסע פאלען אז אייער שטיצע זאל אריינפאלען צו אומנויטיגע און פאלשע קייסעס.

נאך אלעמען, ליבע אידען, לאמיר זיך אביסעל אפגעבען א רעכענונג. פארלאנגען מיר דען עפעס פון אייך ? פארקערט, מיר זענען דאך אייערע שלוחים, טוהענדיג און העלפענדיג אייך אין אייער ארבייט. איהר ליבע אידען פון אמעריקא זענט דאך באוואוסט מיט אייערע גוטע הערצער מיט דעם שטארקען ווילען צו העלפען דעם אומגליקליכען. איהר שטרעבט דאך צו לינדערען די שמערצען אויף ווי ווייט מעגליך פון דעם געדריקטען. נאר, איהר זייענדיג אין אמעריקא, טוי־זענטער מייל אוועק, קענט איהר דאך ניט וויסען ווער עס איז דער נויטבאדערפט־יגער דא, איז מיר זייענדיג דא אויפ'ן ארט צוזעהענדיג ווער איז דער נויט־באדערפטיגער, פארבינדען מיר צווישען אייך און זיי. נעמען מיר אייער געלט און גיבען עס איבער צום ריכטיגען אדרעס.

און וויסען דארפט איהר, ליבען אידען, אז די „רפואה־וחיים" האט דא אין ישראל פאראנטווארטליכע פארשטעהר און א קאמיטע וואס באשטעהט פון גאר חשוב'ע רבנים באוואוסטע עסקנים וואס זענען פאראנטווארטליך און זאגען גוט פאר די אקטיוויטעטען און פעולות פון „רפואה־וחיים".

אויסער דעם וואס די „רפואה־וחיים" איז באשטעטיגט פון די ישראל רעגירונג און איז אנערקענט אלס אן אפיציעלע סאסייעטי דורכצופיהרען איהרע הומאניטארע ארבייט, איז זי אויך באשטעטיגט פון גרויסע רבנישע פערזענליכ־קייטען פון ישראל און אמעריקא. אין אפיס פון „רפואה־וחיים" געפינען זיך צווישען פיעלע בריוו און האקומענטען פון גרויסע פערזענליכקייטען, אויך די בריוו פון דעם „טשיף־ראביי", דעם הויפט רב פון ירושלים, הגאון רבי צבי פסח

פראנק שליט״א, און די בריוו פון דעם וועלט באוואוסטען גאון, מחבר, אראטער, פיהרער און רעדאקטאר פון דעם תלמודישען ענציקלאפעדיא, הרב הגאון שלמה יוסף זוין שליט״א.

דער בריוו פון הרב פראנק שליט״א לייענט זיך ווי פאלגענד. דאס איז די אידישע איבערזעצונג:

ב״ה, י״ד אלול תשי״ז, ירושלים.

מיר איז גוט בעוואוסט וועגען די גרויסע אויפטוהונגען פון די חברה „רפואה־וחיים״ וואס איז ווייט בערימט צו גוטען, מיט דעם וואס זי האט גענומען אויף זיך די נאבעלע אויפגאבע פון אויסשטרעקען א הילפענדע האנט צו אונזערע קראנקע און געפ־לאגטע ברידער איבער דער וועלט, און איבערהויפט צו תלמידי־חכמים אין הייליגען לאנד.

א דאנק די אויסערגעוויינליכע איבערגעבענהייט פון די פרעז־זידענטין פון דער חברה, מרת מייטאווערטהיימער תחי׳ צוזא־מען מיט די חשוב׳ע קאמיטע און געטרייע עסקנים, איז שוין צוגע־רעכענט צום זכות פון די חברה די רעטונג פון פיעלע אידישע נפשות דורך שאפען פאר זיי טייערע מעדעצינען און מעדעצינישע אפאראטען פאר קראנקע, דורך געבן געלט שטיצע פאר ארימע פאמיליעס, און שפייז מיט קליידער פאקעטען פאר נויטבאדערפטיגע.

דארום, געפין איך עס פאר מיין חוב צו מודיע זיין וועגן דעם אין דער עפענטליכקייט, און פאר א גרויסע מצוה וועט פאררעכענט ווערן צו שטיצען די חברה, און דורך דעם צולייגען א האנט צו די הייליגע ארבייט.

צבי פסח פראנק

דער בריוו פון הרב זעווין שליט״א לייענט זיך ווי פאלגענד. דאס איז די אידישע איבערזעצונג:

ב״ה, יום ה׳ ט׳ אלול, תשי״ז.

איך קען זעהר גוט די טעטיגקייטען פון די חברה „רפואה־וחיים״ פון אמעריקא, דא אין מדינת ישראל, דורך די הילף פון געלט און מעדעצינען וואס זי שאפט פאר די וואס בויטיגען זיך אין דעם. עס קען זיך גארניט אויסדריקען די גרויסקייט פון די

מצוה און די נוצליכע נויטיגקייט פאר די פיעלע געדריקטע און קראנקע וואס בענוצען זיך מיט די שטיצע פון די חברה.

ספעציעלע ליבע און אויסצייכענונג פארדינט די פרעזידענטין פון די חברה, מרת ווערטהיימער, וואס מיט איהר וואונדערבארע איבערגעבענהייט צו די הייליגע ארבייט אהן אויפהער, האט זי פארברייטערט די טעטיגקייט פון די חברה. יעדער וואס עס איז זיין מעגליכקייט צו שטיצען די חשוב'ע חברה, וועט עס זיין פארעכענט פאר א גרויסע מצוה דאס צו טאהן. און זיכער איז, אז דער וואס האט נאר א געפיהל פון ברידער־ליבע, וועט קומען צו הילף די חברה מיט א ברייטע האנט.

## שלמה יוסף זוין

מיט אזעלכע רעקאמענדאציעס און גוטזאגונגען דארף שוין קיינער ניט צווייפלען אין די גרויסקייט און נויטווענדיגקייט פון די ארבייט פון „רפואה־וחיים".

מיר טיילען הילף לויט די מעגליכקייטען וואס איהר גיט אונז. מיר טיילען פרייד און האפענונג צו די טרויעריגע און פארצווייפעלטע לויט די מאס פון אייער אפרוף. וועט איהר פארגרעסערען אייער שטיצע און זעהן אז אייערע פריינד און בעקאנטע זאלען אויך ביישטייערען צו דעם צוועק, וועלען מיר קענען פארגרעסערען און פארברייטערען אונזער שטיצע, און דורך דעם אריינברענגען ליכט און פרייד אין די ארימע אידישע הייזער. און מכלל הן אתה שומע לאו, ווען איינער קיהלט אפ דעם צוויטען פון העלפען די טייערע אידען איז ער דאך דורך דעם גורם אז א קראנקער איד וואס נויטיגט זיך אין מעדעצין זאל עס ניט קענען באקומען, אדער אז אן ארימע אלמנה וואס נויטיגט זיך אין אביסעל שפייז זאל חלילה מוזען בלייבען אהן דעם. ווער קען דאס נעמען אזא אחריות, אזא געוואלדיגע פאראנטווארטליכקייט אויף אפצוהאלטען שטיצע פון דעם ארימען און קראנקען!!

עס איז דאך בעוואוסט אז די בעסטע מדרגה פון צדקה איז ווען מען גיט און מען ווייסט ניט צו וועמען דאס געהט, דאס הייסט למשל אז מען גיט אין די קופה פון צדקה, און דער ארימאן נעמענדיג פון די גבאי־צדקה ווייסט ניט ווער עס האט געגעבען די געלט האט ער ממילא ניט קיין בושה, קיין שפיכת דמים. דארום ווען איהר גיט אייער צדקה דורך די „רפואה־וחיים" וועלכע זענען אייערע

גבאי־צדקה, איז דאס די גרעסטע מדרגה פון צדקה. איבערהויפט, וואס די צדקה וואס „רפואה־וחיים״ שיקט איז בעיקר פאר תלמידי חכמים אין ארץ ישראל. ווייל דאס וואס שטעהט אז ביי געבען צדקה איז „עניי עירך קודמין״ האבען פרעפע־רענץ די ארימעלייט פון דיין אייגענע שטאדט פאר די ארימעלייט פון אן אנדער שטאדט, זאגען אונזערע חז״ל אז „עניי עירך״ מיינט מען די ארימעלייט פון ירושלים, ווייל דיין שטאדט מיינט ירושלים, בפרט די תלמידי חכמים וואס שעמען זיך צו בעטען הילף ביי מענשען. מיט אייער צדקה זענט איהר מקיים א דרייפאכיגע מצוה. ערשטענס, האלט איהר אויף דעם ארימאן. צווייטענס, העלפט איהר אויפהאלטען דאס הייליגע לאנד, דריטענס, שטיצענדיג דעם תלמיד חכם וועלכער איז עוסק אין דעם אויבערשטענ׳ס תורה, האט איהר דאך א חלק אין די תורה וואס ער לערנט, לויט דעם אלטען שותפות אפמאך, דעם קאנטראקט און אגרימענט צעווישען יששכר און זבולון, וואס איינער לערנט די תורה און דער צווייטער האלט איהם אויס מיט שטיצע, האט דער צווייטער אויך דעם שכר פון תורה לערנען. ליבע אידען, זיי די יששכרס, די תלמידי חכמים האלטען זייער אפמאך ערליך און זיי זענען מקיים דעם חוב וואס ליגט אויף זיי. זיי לערנען אונטער די שווערסטע באדינגונגען און נויט. אלזא, זעהט אז אויך איהר זאלט מקיים זיין אייער פארפליכטונג צו זיי, און חאטש טיילווייז העלפען זיי מיט זייער אויסהאלטונג.

מיר ווילען שליסען מיט אונזער ברכה צו אייערע חשוב׳ע פרעזידענטין מרת מעטא ווערטהיימער תחי׳, צו אלע בעאמטע,חשוב׳ע מיטארבייטער און געטרייע פריינט און שטיצער פון די באליבטע „רפואה־וחיים״.

געדענקט ! פון געבען צדקה ווערט מען ניט ארים. אין אדם מעני מן הצדקה. ד׳ ישלם כפל כפליים. דער רבש״ע וועט אייך אפצאהלען פילפאכיג. אין אדם מעני מן הצדקה שנאמר והיה מעשה הצדקה שלום.

פערטער טייל

# קורצע באשרייבונגען און בילדער פון די פאמיליע

געשריבען פון ג. אבניאל

הרה״ג ר׳ שלמה אהרן ווערטהיימער ז״ל.

אין זיין צייט האט ר׳ ש. א. ווערטהיימער געגאלטען אלס א פאפולערע פערזענליכקייט אין דער רבנישער וועלט. אויך היינט גרויסען זיך א סך גדולים פון דער וועלט מיט דעם וואס זיי צעהלען זיך צווישען זיינע תלמידים. פיעלזייטיג איז געווען די גייסטיגע געשטאלט פון דעם גאון. זיינע ספרים — קרוב צו די פערציג — פילען אויס א סך געביטען: רבנישע, הלכה׳שע, ליטעראטור־קריטיק וכו׳ נאר באזונדער האט ער זיך אפגעגעבען אין פארשונג פון אלטע כתבים וועלכע ער האט צונויפגעקויפט אדער איבערגעשריבען אין די עלטסטע מוזעאומס פון דער וועלט וועלכע ער האט באזוכט. אז ער איז געווען א בעל־דקדוק און שפראך־קענער זאגען עדות זיינע דקדוק ספרים — באזונדערס זיין גרויסע ענצי־קלאפעדיע אויף שמות נרדפים (סינאנימען). א חוטר פון דער אלטער עסטרייכי־שער ווערטהיימער־גזע: ר׳ שמשון ווערטהיימער — דער בארימטער קרייז־ראבינער פון עסטרייך־אונגארן ביז דעם גרויסען פילאנטראפ און שרייבער, דער דיכטער יוסף פאן ווערטהיימער — א בן־בית אין וויענער קייסערליכען הויף, ווענענס פאטער׳ס נאמען ער האט געטראגען. בשעתו איז ער געווען א בארימ־טער כלל־טוער, א מידה וואס ער האט איבערגעלאזט פאר זיינע קינדער. עד היום פילט ער אויס א שיינעם פלאץ אין דער פרעכטיגער גאלעריע פון די „יקירי ירושלים״, די קרתא דשופריא אין וועלכער ער האט געלעבט און וואו מנוחתו כבוד געפינט זיך.

הרב זאב ווערטהיימער.

א זון פון הרה״ג ר׳ שלמה אהרן ווערטהיימער, יבל״ח, געבוירן אין ירושלים באקומען א רבנישע דערציאונג. אז אין ירושלים איז אין טערק׳ס צייטען אויס־געבראכן א הונגער און די מטופלדיגע ווערטהיימער משפחה איז געבליבען אן א דערנערער — זעט זיך דער נאכנישט צוואנציג־יעריגער זאב געצוואונגען צו גיין זוכען זיין ברויט — און שלאגט אן אזש אין ...מצרים. דארט געפעלט אים א שיף אויף וועלכער ער „כאפט זיך ארויף״ און פארפארט קיין אמעריקא — נישט וויסענדיג וויאזוי — אן געלט און אן „פאפירן״, וואו ער וואהנט שוין קרוב פופציג יאר. הרב ר׳ זאב ווערטהיימער, וועלכער האט זיין לעבן אין אמעריקא

אנגעהויבן אלס א„כלי־קודש" — באפרייט זיך תיכף פון חשש „קרדום לחפור בו" און ווערט מיטגעריסען פונ׳ם ביזנעס לעבן אין אמעריקא און פאסט זיך תיכף צו דער סוחרישער וועלט. דאס בארימטע מאנומענטס׳־פעקטארי פון פילאדעלפיע טראגט זיין נאמען אלס באגרינדער און באזיצער פון דעמזועלבען. לעצטענס, צוריק־געצויגען פון דער ארבעט, באפאסט ער זיך מיט ארויסגעבן פון זיין גרויסען פאטער׳ס געוויילטע שריפטן. וויטבאקאנט אין אידיש־אמעריקאנישע קרייזן גיט ער זיך אפ מיט עסקנות, פארטאן אין דער צדקה־ארבעט פון „רפואה וחיים". זיין באזוך אין ישראל האט גרויס אינטערעס ארויסגערופן ביי זיינע צאלרייכע באקאנטע פון ירו־שלים׳ער רעליגיעזען יודענטום.

ר׳ גדלי׳ שטיימעץ (ויזל).

אז פון יענער אלטער זאפטיגער אידישער וועלט ווי מאראמארעש דרייט זיך ארויס א גוטער און פרומער איד ווי ר׳ גדלי׳ וויזל — איז גאר קיין שום הידוש נישט, נאר אז נאך אזא גרויסען וועלט־אומגליק וואס האט מענשען פארקערט זייערע אנשויונגען און זיי „צערודערט" — איז ממש צו באוואונדערן דעם זון פון רייצע טויבען און פישל וויזל, ווי שעהן ער זעצט פאר זיין אידיש לעבן אין ישראל מיט דעם פולסטן יראת שמים און גיט דערמיט אפ דעם געהעריגען כבוד דער פאמיליע פון גדלי׳, דעם בארשער שוחט. אין די טראנסילוואנישע ישיבות אין וועלכע ער האט זיך אויסגעצייכענט אלס א גרויסער מתמיד באקומט ער זיינע אידישע בילדונג. נאכדעם ווי ער איז נסמך געווארן אין איינער פון די מארא־מורעשער ישיבות איז אנגעפאלן דער וועלט קריג וועלכער האט אים מיט זיין פאמיליע פארפירט קיין אוישוויץ פון וואו ער האט זיך ליידער אליין געראטע־וועט. צוריקקומענדיג גייט ער אריין אין דער סוחרישער וועלט וועלכע גיט אים, טראץ דער מאטעריעלער הצלחה, קנאפע באפרידיגונג — ער פארט אין לאנד פון זיינע אבות (ממש זיינע „אבות", ווייל שוין זיינע זיידעס האבן זיך דארט באזעצט) אצינד וואהנט ער אין דער רעליגיעזער שטאט בני־ברק. דער פועל המזרחי בא־טרויט אים תיכף א וויכטיגע שטעלע פון א מזכיר איבער א גרויסען קרייז יישובים ארום תל־אביב. היינט באקליידט ער א שטעלע פון א משגיח כללי איבערן כשרות אין די בתי הבראה פון קופת חולים אין צפון ישראל.

ר׳ גדליהו שטיין.

אין מזרח־זייט מאראמערעש, גאנץ אין עק פאר דער גרענעץ פון בוקא־ווינע ליגט זיך באהאלטען אין שויס פון די קארפאטן דאס פרומע שטעטל (אוי, דאס געוועזענע!) בארשע. דארט איז ר׳ גדלי׳ דעם שוחט׳ס נאמען גערופן געווארן, א פאר יאר נאך זיין פטירה, אויף דעם ערשטן מענליכען אייניקעל וואס איז געבוירען געווארען ביי זיין טאכטער ראכיל און ר׳ וואלף שטיין פון דער ווישעווע. א איד א גרויסער תלמיד־חכם און א גרויסער חכם, וועמענס חידודים און גלייכווערטלאך מען זאגט נאך עד היום. נאטירליך האט דער קלוגער ר׳ וואלף געוואלט דאס זיין בן־יחיד׳ל (דעמאלט א בן יחיד, שפעטער ווערט געבוירן דער בן־זקונים אפרים־פישל ז״ל, א חלוץ וואס גרייט זיך עולה זיין קיין ארץ ישראל און קומט־אום אין דער אוקראינע זוכענדיג די מינען פאר דער אונגארישער ארמיי) זאל חאטש צוברינגען צום „רב״. אלס א 10־יאריגער יתום פון דער מאמען ווילען אים נישט מער די מלמדים אויפנעמען אין „חדר״ מחשש נישט צאלן שכר לימוד. דאס בית המדרש איבערנעמט די שטעל פון חדר, וואו דאס אינגל ווערט זיך אליין איבערגעגעבן דער זעלבסטדערציאונג. דארט כאפט ער אויך א קוק אין אנדערע ספרים און באזונדערס אין „עשרים־וארבע״ וועלכע פלאנצט אין אים איין די ליעבע צו דער העברעישער שפראך, וואס פילט אים אויס שפעטער זיין לעבען אלס מורה עברי. די ווישעווער ישיבה האלט אים ביז אין עלטער פון 19 יאר און ווי נאר ער האט באקומען סמיכה פארלאזט ער זיין היים און פארט, כדי צו קאנען העלפן זיין פאמיליע מאטעריעליש, אין דער בוקאווינע וואו ער הויבט אן זיין מורה־עברית־קאריערע מיט גרויסען איפער. זיין פריוואט שטודיערן ענדיגט ער אלס עכסטערן אין לערער סעמינאר פון טשערנאוויץ און פון דא ווייטער זעהט ער זיין ציעל אין גרינדען פון העברעישע שולען און קורסן. אן עסקן פון דער רעליגיעזער ציוניסטישער פארטיי הפועל המזרחי הערט ער נישט אויף צו זיין נישט ביי די רוסן, וועלכע האבן פארנומען טשערנאוויץ און נישט אין טראנסדניסטריען, וואו מען האט אים מיט זיין פאמיליע פארטריבן. כדי צו זיין אביסל פרייער ביי זיין ציוניסטיש־קולטורעלער טעטיגקייט אונטער די רוסן — נוצט ער אויס זיין ראבינישען דיפלאם און ווערט רב אין א טשערנאוויצער פיערטל (דערפילט, טיילוויז זיין פאטער׳ס וואונש) ביז זיין עליה קיין ישראל. אין בוקארעשט גיט ער ארויס די העברעישע צייטונג „המעלה״ באטייליגט זיך מיט ארטיקלען אין פארשיעדענע צייטונגען, פארעפנטליכט שירים אין אידיש

און עברית. אין ישראל וואו ער געפינט זיך זינט מלחמת השחרור זעצט ער פאר זיין עסקנות־קולטורעלע טעטיגקייט, אלס איינער פון די פלייסיגסטע פארקעמפער פאר׳ן רעליגיעזן לעבן אין זיין וואהנשטעטל קרית מוצקין פארדאנקט אים א סך זיין רעליגיעזן כאראקטער איהם שיקענדיג צו פארטרעטען אלס חבר הנהלת המועצה די אינטערעסן פון די רעליגיעזע באוואהנער. די פאמיליע באשטייט פון זיין פרוי מלכה, די 16־יעריקע טאכטער ראכיל און זיין זונדל משה אפרים. זיינע דריי שוועסטער וואהנען אין חיפה: שפרינצה די עלטערע, חנה מיט איר מאן ר׳ יואל פולק פון ווישעווע און שרה מיט איר מאן ר׳ צבי בוגלר אנ־אונגארישער תלמיד חכם און זייערע צוויי קינדער זאב און רבקה.

מ.ר.ס. מייטע ווערטהיימער.

די אינגסטע טאכטער פון ר׳ גדלי׳ דעם בארשער שוחט, איז די ווייט באקאנטע פרוי מייטע ווערטהיימער, פרוי פון הרב זאב ווערטהיימער פון פילא־דעלפיע. איבערגעבליבן א קליין קינד פון איר פאטער אונטער דער זארגפאלטיגער אויפזיכט פון איר פלייסיגער מוטער, וועלכע האט געמוזט פארטרעטן די שטעל אויך פון א טאטע פאר א מנין קינדער — האט דאס אין שווערע באדינגונגען אויפוואקסנדע מיידעל, אנגעהויבען קלערן אין תכלית, א מחשבה וועלכע האט אנגענומען די ערנסטע פארם פון זוכען א נייע היימאם. זיכער האט קיין פראגע נישט געקאנט זיין אן אנדער לאנד אויסער ארץ ישראל. מייטע שטיינמעץ קומט צוריק מיט 35 יאר אין לאנד פון די אבות. די מאטעריעלע שוועריגקייטן צווינגען זי, די חלוצה, אויפצוגעבן איר אידעאל און, כדי צו העלפן איר משפחה אין מארא־מערעש, פארט זי נאך אמעריקע, דעם לאנד פון די מעגליכקייטן. נאר אנשטאט זיך דארט אפגעבן מיט אירע פערזענליכע מעגליכקייטן — קלערט זי אין כלל, פאר יענעם, הייסט דאס; און אזוי אויסגייענדיג פון שטאנדפונקט אז מען דארף העלפן דער משפחה — קומט די שפעטער געווארענע פרוי ווערטהיימער, צום געדאנק, דאס מען דארף העלפן דער גרויסער אידישער וועלט־משפחה. די מחשבה פארנעמט איר גאנץ לעבען און זי ווענדעט איין אלע אירע כוחות כדי צו שאפן א מקור פון געלד און אנדערע הילפס־מיטלען אויף צו העלפן די אזוי נויטליי־דענדיגע ברידער פון אייראפע און באזונדערס פון אונגארן. די חברה „רפואה־וחיים״, וועלכע ווערט דורך איר געגרינדעט, הויבט אן אויספילן א פילאנטרא־פישע מיסיע, און מייטעה ווערטהיימער איבערגיט זיך מיט לייב און לעבן איי־

הייליגע ארבעט צוצופירן הילף פאר די וואס באדארפן איר. נאכ׳ן גרויסען אידי־שען וועלט אומגליק ווענדעט פרוי מייטע איר בליק צו די איבערגעבליבענע פון די קרעמאטאריען און נאצישע מחנות, וואו זי שיקט פעקלעך מיט לעבענסמיטל, רפואות און קליידער. אויך געלט ווערט צוגעשיקט פאר נויטבאדערפטיגע. זי מאבאליזירט א סך אידן אין אמעריקע אין איר פילאנטראפישן וואגען. מיט א פאר יאר צוריק קומט מרס. ווערטהיימער צוריק אין לאנד, וואו זי ווערט ווארעם באגריסט דורך דער פרעסע, באזונדערס שיין ווערט זי באשריבען אין דער רע־ליגיעזער טאגצייטונג „הצפה״, אין וועלכער איר בילד דערשיינט מיט אן אפשא־צונג אויף איר יחוס, טעטיגקייט און פערזענליכקייט. ליידער האט זי דאסמאל אויך נישט געקאנט קלערן אן זיך, און באזעצן זיך אין לאנד פון איר בענקשאפט, ווייל די הייליגע אויפגאבע אירע רופט זי צוריק קיין אמעריקע, פון וואו אויס זי קאן ווייטער אויסשטרעקן די האנד פון הילף פאר די וואס נויטיגען זיך נאך.

די רעבעצין מרת בריינדל ז״ל (גערופן: די מיהמע־בריינדל).

אין אונטערוויטשעווע, דאס וואהנשטעטל פון בלומע די שוחט׳קע, האט זיך קיינער נישט געקאנטמאכן א בילד פון דער לאנדשאפט און זיך נישט פאר־שטעלן די געשטאלט פון דער רעביצין בריינדל, דאס ווייב פון רבי ר׳ יוסף מאיר ווערצבערגער זצ״ל. זי האט מען שוין דערקאנט אפילו פון א הינטער: האט איר געזעהן א שטאטליכע פרוי, בעל־בית׳יש געקליידעט, נאר דעם קאפ אביסל פארבויגן — דאס איז די מוהמע בריינדל, וואס גייט אין איילעניש ערגיץ וואו מען דארף העלפן עמיצן. דאס איז געווען א סארט אידענע וואס איז זעהר זעלטן צו געפינען. צו די אלע מעלות ווי א צדיקת, א דאקטערין פאר מיטללאזע, א למדנית פאר שבת נאכמיטאג פאר ווייבער, אן עסקנית אין אלע ענינים וואו נאר א פרוי קאן האבן צוטריט און נאך פילע אנדערע אנגעלעגענהייטען, איז זי, די רעביצין בריינדל, געווען א בארימטע סוחר׳טע, פשוט און גראט: א סוחר׳טע פון א רייכער ביזנעס מיט א סך קונים, גויים און, להבדיל, אידן און צוליב וואס? — פשוט צוליב דעם כדי איר מאן, דער רבי ר׳ יוסף מאיר, וואס איז, אגב, אויך געווען א גוטער סוחר, זאל זיך קאנען אפגעבן מער מיט תורה און עבודה פאר השי״ת. אלס עלטערע שוועסטער האט זי געהאט דאס „גליק״ פארגעצויגן צו ווערן און צו... שטארבן פאר איר אינגערער שוועסטער בלומע, אין דער היים אויף איר בעט, און נישט גלייך איר שוועסטער פארברענט ווערן אין די אויוועגס

פון אוישוויץ. איר הויז איז שוין געווען דער פלאץ וואו ארעמע לייט האבן געוואוסט אז זיי קאנען תמיד אנטרעפן א ווארעמען עמפאנג און א ווארעמען מיטאג. וויבאלד מען האט נאר געעפנט די טיר — איז שוין דער גאסטפריינדליכער בליק אנט־קעגען געקומען און יעדער האט זיך ווי אין דער היים געפילט ביי דער אונטערווי־שעווער רעבעצין.

שפרינצע וויזעל ז״ל (שטיימעץ).

א טאכטער פון רייצע־טויבא און בלומעס „געציטערט״ איינקל איז געווען שפרינצע. זי איז איינע פון די צענדליגע „שפרינצעס״ (אזוי ווי די „גדלי׳ס״) וואס טראגן דעם נאמען נאך א זייער חשוב׳ער באבע. אלס קליין קינד איז זי פארבליבן מיט איר ברודערל גדלי׳ א יתומה פון טאטע־מאמע, וועלכע האבן זיי ביידע יונגערהייט פארלאזט. דערצויגען איז זי געווארן, מייסטענס ביי דער באבע בלומע. דא האט זיך ארויסגעוויזען דער איינגעבוירענער כאראקטער וואס איז געלעגן אין בלוט: זי, שפרינצע, איז אויפגעוואקסען געווארן מיט אנ׳אומגעהייערער איידל־קייט, זיטע און באנעמען — כאטש ס׳האט איר געפעלט די מוטערליכע ווארעמע געטריישאפט און די פאטערליכע שטרענגקייט — יענע צוויי גרונד־באדינגונגען וואס ווערן געפאדערט ביי יעדער עלעמענטארער און נאטירליכער דערציאונג. קלוג איז שפרינצע געווען און געהאט א געזונטע אנשויונג כאטש איר טיפער גאטספארכטיגקייט, אזוי אז איבערגענומענע צניעותדיגקייט מיט מאדערנער צייט־פארשטענדעניש האבן ביי איר הארמאנירט און איר דעם כאראקטער געבילדעט. די ערנסטקייט פון א דערוואקסענעם האט זי באגלייט זייט איר אומגליקליכער קינדהייט, א געפיל וואס האט זיך אינטערעסאנט אויסגעדריקט אויף איר שעהן פנים. גוט און פרום, געלערנט און פארשטענדיג האט זי דערווארט, ווי ס׳איז שוין דער שטייגער פון יונגע מענשן, דאס שיינע לעבן פאר זיך, חתונה־געהאט און געבוירן א קינד — א דאנק וועלכען זי איז ביי דער מערדערישער דעפארטי־רונג, ביי אנ„אקציע״ כשר געווארן צום גאז־אויוועז...

ר׳ פנחס שטיימעץ בן ר׳ גדלי׳ ובלומע ז״ל.

אן איידעלע יונגעלייט האט אין מאראמארעש קיינמאל נישט געפעלט, בפרט נאך אין יענע יארן פון ערשטן וועלט קריג. די גרענעצן זענען אפילו גע־עפנט געווארן פאר די מיליטערישע טרופען פון מערב — דאך האט דער „מערב־

ווינד״ וואס האט געבלאזען מיט נייע אנשויונגען נישט געקאנט דורכברעכען די טראדיציאנעלע מויער וועלכע ס׳האבן געבילדעט די מיט תורה און יראת־שמים געפאנצערטע יוגענד. איינער פון יענע יונגעלייט איז געווען ר׳ פינחס. אנ׳אויסנאם האט אבער געמאכט ר׳ פינחס מיט דעם, וואס ער איז ניט מיט־געריסן געווארן צו דער צו שטארקער „בטלנות״ וועלכע האט באגלייט די בחורים וואס האבן זיך איבערגעגעבן צום תורה־לערנען, פאר וועלכע ס׳קאן במילא נישט פלאץ זיין פאר אנדערע ענינים. דער „טוב תורה עם דרך ארץ״ האט ביי פינחס׳ן געהאט א לעבענסוועג־באדייטונג, דערפאר האט זיך באמערקבאר ביי אים געמאכט דאס זיין א מעורב בין הבריות, אין מסחר, טובת הכלל, און אנדערע מידות וואס פירן צונויף די מענשן אבער צוגלייך פלייסיג געלערנט און מיט גרויס התלהבות געדאווענט. זיין צונויפגעראמטקייט און הקפדה אויף קליידונג און התנהגות איז געווען צוגעפאסט דעם תלמודישן אנזאג אז ביי א תלמיד חכם טאר נישט געזען ווערן א פלעק אויפן קלייד. זיין החמדה אין תורה איז געוועזן יעדען באקאנט; האט זיך עמיצער געפעדערט געקומען אין פריען מארגען אין בית המדרש כדי צו זיין דער ערשטער — האט ער דערלעבט אנ׳ענטוישונג: פון די גרויסע שול־פענסטער האט ארויסגעווינקען א מאטע שיין פון א חלב־ליכטל און נאענטער קומענדיג האט ער פארנומען א זיסע שטימע פארקרייזלט אין א פארבענקטן גמרא־ניגון — דער שיינער פלייסיגער בחור, פינחס, האט זיך שוין זיין פלאץ ביים שטענדער אויפגעזוכט און קוויקט זיך שוין מיט א טיעפער סוגיא. אין עלטער פון 13 יאהר איז ער אליין אוועק געפאהרען לערנען אין די בערימטע ישיבה פון מונקאטש, אונגארן. דער לעבנסשטייגער האט זיך ביי ר׳ פינחס׳ן וויניג וואס געענדערט נאכדעם וואס ער האט געבויט זיין פאמיליע, נאר די מאטערנישן פון וועלטקריג, הונגער און צרות וועלכע האבן אים טאג טעגליך אפגעשוואכט דעם קערפער, זענען אויסגעארטעט אין א שווערער קראנקהייט פון וועלכער ער האט זיך נישט מער געקאנט ראטעווען.

ר׳ אברהם חיים שטיימעץ בן ר׳ גדלי׳ ובלומע ז״ל.

טאמער האט ר׳ פינחס אכט געגעבן אויף דעם אויסערליכען אויסזעהן און דערויף געווירכט געלייגט — איז זיין ברודער אברהם־חיים אין דעם היגזיכט געווען דאס געגענטייל. דאס הייסט נישט, חלילה, דאס ער האט מזלזל געווען אין הלבשה וכו׳ — ער האט פשוט נישט געזען פאר נויטיג צו זארגען „פאר דרויסן״ — איינע־

ווייניג — אט דאס איז דער עיקר, „פון דרינען מוז דער מענטש זיין שיין, ריין און גאנץ" — דאס איז, בערך, געוועזן די לעבנס־רעגל פון ר' אברהם־חיים'ען. און פאר דעם אינעווייניג האט ער זיך איבערגעגעבן מיט'ן גוף און מיט דער נשמה. ווייל אבער די נשמה איז א „חלק אלוקי ממעל", די טייערסטע מתנה פון הקב"ה — מוז מען זען זי חשוב האלטן, גלייך אנ'אתרוג א מובחר, אין א שיינער כלי — דערפאר מוז דער גוף, דער בית קיבול פון דער „נשמה הטהורה" געהאלטן ווערן ריין, און ר' אברהם־חיים האט שוין פאר זיך זיין לעבענסציל אין טהרת הגוף צוליב דער נשמה: יעדן פארטאג זוכט ער אויף, סיי זומער סיי ווינטער, דווקא די קאלטע מקוה, דאס איז ביי אים א מצוה מן המובחר, ארויסצוקומען אויפגעפרישט, ווי נייגעבוירן א קעגן־נעמען דעם נייעם לעבענסטאג וואס השי"ת האט אים, ר' אברהם־חיים'ען, ווידער געשענקט מיט'ן אומקערן אים „זיין נשמה נשמה מיט גרויס דערבארעמקייט" — און דידאזיגע נשמה פאר וועלכע דער גוף איז נאר א „לבוש", איז דאך סוף־כל־סוף דער עיקר. ר' אברהם־חיים האט געלייענט דעם מדרש וועגן הלל הזקן, אז ער איז געגאנגען טובל'ען זיך אין בית המרחץ פלעגט ער זאגן דאס ער גייט טאהן א מצוה, ווייל דער מענש איז דאך געשאפען אין „צלם־אלוקים", איז דאך דער גוף אנ'אבשפיגלונג פון מלך מלכי המלכים — ממילא מוז מען אים היטן בקדושה ובטהרה... אלס א תלמיד־חכם האט ער זיך איבערגעגעבן דעם אומאויפהערליכען לערנען פון וועלכען מען האט אים נישט געקאנט אפטיילען, נאר אז ס'איז געקומען דער זמן תפלה — דעמאלט איז דער חשבון א גאר אנדערער... דאס איז שוין זיין, אברהם־חיים'ס פערזענליכער אויסשמועס מיט זיין באשעפער. וויבאלד נאר ר' אברהם־חיים האט זיך איינגעהילט אין זיין גרויסען וואלענעם טלית איז ער אפגעטיילט געווארן פון דער גארער וועלט און מיט דעם גרעסטן ברען און העכסטער יראת שמים פארפאלט ער אין א לאנגער תפלה וואס ס'האט קיינער נישט געקאנט זאגען ווען זי וועט זיך ענדיגן. שטענדיג האט זיך אים געדאכט דאס ער איז נישט געבוג יוצא מיט זיין קלארען און דייטליכען ארויסזאגען די תפלות — דערפאר האט ער נישט נאר די „ז" פון „תזכרו" מה'יז־געוועזן: יעדעס ווארט איז ביי אים אקצענטואירט געווארן, גארנישט פארשלינגען און די תפלה — א גאנצע, א קלארע און מיט כוונה איז אויפגעשטיגען צום כסא הכבוד, גלייך צו טאן איר פעולה.

דער אורח חיים פון ר' אברהם־חיים שטיימעץ איז אויך אין די אנדערע צווייגען פון אמת'ער גאטספארכטיקייט געווען פארנומען — און אלץ נישט האלב,

נישט נאכגעמאכט — נאר אריגינעל, גאנץ, און מיט מסירות־נפש. האט זיך געהאנדעלט אין חסידות, למשל, ווייסט ר׳ אברהם־חיים נישט קיין חכמות און דער רבי — דאס מאל זענען דאס די צוויי גרויסע צדיקים־ברידער, ר׳ פינעלע דער בארשער רבי און ר׳ ישראל׳ניו דער וויזשניצער רבי זצ״ל — פילט אויס די יום־טוב׳דיגע טעג, ווי ר׳ אברהם־חיים דער ברענענדיגער חסיד פארברייננגט. אז ער האט זיך באזעצט איבער דער גרעניץ, אין יוגאסלאוויע, און געפילט דעם רבי אויף דער רומענישער זייט — האט זיך שוין געפונען אין זיין טאש דער אייביגער פאספארט. ביי דער צאל־סטאנציע צווישן די דאזיגע צוויי לענדער האבן נישט איינמאל געשטוינט די גויי׳שע בעאמטע ביים אונטערזוכען אברהם־חיים׳ס גרויסן ראנץ און געפונען דארט א... גרויסן טלית, צוויי פאר תפילין, א היבש ביסעל לערן־געצייג און דאווען־מאטעריאל און נאך ענליכע „קאנטראבאנד״ כחורה וואס די גויי׳שע קעפ האבן עס בשום אופן נישט געקאנט פארשטעהן. ווען דאס גרויסע אומגליק איז אראפגעפאלן אויף די טראנסילוואנישע אידן — איז ר׳ אברהם־חיים נישט געווען קיין אויסנאם — ער איז מיטגעגאנגען מיט זיינע ברידער קיין אוישוויץ, וואו ער האט ארויסגעוויזן מעשה גבורה פון זיך אפהיטן אין מאכלות אסורות און האט איבערגעלעבט די מלחמה בשעת זיין לאגער איז אריינגעפאלן אין די אמעריקאנישע הענד. נאר דא האט זיך אין אים נוקם געווען דער הונגער פון די לאגער־יארן, און דאס נייע זאטע עסן האט שוין נישט מער געקאנט ווירקען אויף אים און ער האט אין די טרייע הענד פון די אמעריקאנישע דאקטוירים אין א דייטשישען לאגער, א פאר וואכען נאך דער באפרייאונג זיין נשמה דעם באשעפער צוריקגעגעבן.

דער רבי ר׳ יוסף מאיר ווערצבערגער ז״ל.

אז אימיצער איז געקומען נאך אונטערווישעווע פון דעם איינזאמען באנ־הויף, אדער פון דער מיטלווישעווע, דעם שכנות׳דיגן דערפל, האט ער קוים דערקענט וויאזוי מבדיל צו זיין צווישן א גויי׳שער שטוב און א אידישער — ביז ווען ס׳האט זיך באוויזען די ברייטע גרויסע הויז, מ׳קאן זאגען דאס שענסטע אין דערפל — דער פאלאץ פון דעם אונטערווישעווער רבי׳ן. וויבאלד אזוי — האט מען שוין א קעגנ־איבער דאס האלצערנע, אביסל פון דעם גאס־פלאטפארם דערהויבענע בית המדרש — און מען געפינט זיך אין סאמע גייסטיקן צענטער (וואו איז אין א מאראמארעשער אידיש שטעטל אדער דערפל נישט געווען א

אידישער צענטער?!) פון אונטערוױשעװע — דאס געבורטשטעטל פון מײנע זײדעס און באבעס. װער װײסט נישט װאס ס'הײסט א רבי? דאך דער רבי ר' יוסף מאיר זצ"ל איז געװען א פיגור פאר זיך. ראשית איז ער געװען א גרױסער עושר: געהאט א געװעלב אנגעשטאפט מיט סחורה — דװקא פאר גױים, און הינטער דעם פידעל האט זיך געדרײט געשיקט א איד ארומגעהילט מיט א האנטוך (כדי זיך קאנען װישן די הענד נאך דעם אונצײליגען װאשען) און באדינט די קונים צו זײער גרעסטער צופרידענהײט. נאר װי לאזט אים די רביצין, די מהמע ברײנדל הײסט דאס? — איז דען נישט א הימלגעשרײ מבטל־זײן תורה צוליב א גוי? דער רבי װײסט אבער זײער גוט די משנה „טוב תורה עם דרך ארץ" — נאר װי קאן מען זיך אנטקעגען שטעלן דעם װילן פון דער רביצין — בפרט נאך אז דאס איז אויך דער װילן פון באשעפער. און אזוי ציהט ער זיך צוריק אין זײן אײגן בית המדרש'ל און פארטיפט זיך אין א גרױסער גמרא אדער פארגראבט זיך אין א „יורה־דעה" ביז מען קומט אים שטערן װעגן א דין תורה אדער א שאלה פסק'ענען דען ער איז געװעזן אויך דער רב אין שטעטל. א רב, א רבי, א דײן, א מגיד און נאך אנדערע כלי־קודש־פונקציעס — און נישט נהנה־זײן א גראשן — האט זיך א סך אזױנס געהערט? מען שטופט אים „קװיטלעך" און ער שטופט צוריק דעם פדיון — װער האט דאס געטאן? גױים, להבדיל, לאזן איבער זײערע טריבונאלן און מען גײט זיך לאדענען בײם רבי יוסיף. װער'זשע האט אים געצװאונגען רבי צו זײן — קײנער װײסט נישט און ער אלײן אויך נישט, טאקע געװען א זון פון בארשער אלטן רב — נאר פלוצים האט זיך דער סוחרישער תלמיד־חכם מיט היתר־הוראה דערזען ארום גענומען מיט א רבישער פארעהרונג און א נײער רבי איז געבױרן. כדי דאס ארױסצושלאגען זײ פון קאפ, איז דער רבי ר' יוסף־מאיר געפארן צום רבי אדער צו די רבי'ס און זײ געקושט די האנד — דאס אלעס האט גארנישט געהאלפן: ר' יוסף־מאיר איז געבליבן דער אונטערװישעװער געקרױנטער און פילפארערטער רבי געשעצט און געאכט פון ג־ט און פון לײט.

מרת בלומא שטײמעץ ז"ל (בלומע די שוחט'קע).

דרײ שטעטלעך קאנען זיך בארימען צו האבן דעם זכות צו רעכענען די שײנע שטאטליכע און אינטערעסאנטע בלומע פאר זײערע אײנװאהנערין: בארשע — װאו זי האט אירע יונגע יארן אנגעהױבן און די פאמיליע אױפגעבױט, אונטער־

ווישעווע — וואו זי האט איר אלמנה־צייט פארבראכט אין דער נאענט פון איר ברודער דעם גרויסען ספרים־סוחר ר׳ יוסף יום־טוב גאנץ און איר שוועסטער, די רעביצין בריינדל, און מיטלווישעווע, דארט האט זי געוואהנט אלס פרוי פון ר׳ צבי־הערש מארמאר, א גרויסער נכבד און וויצעבירגערמייסטער, און פון וואו זי איז לײדער אוועקגעפירט געווארן און נישט מער צוריק געקומען. ווער ס׳האט נישט געזעהן בלומע׳ן — האט קיין שיינע אידישע פרוי נישט געזעהן. אריינגעקומען אין שטוב פון דער באבע בלומע — איז אנטקעגען געקומען דאס פרייליכע און ליכטיג אידעלע פנים וועלכעס האט שוין מיט זיין זיסן שמייכל בארוהיגט און געטרייסט. בלומע איז א דאנק איר שטענדיגער עסקנות אלס איינע פון די נשים צדקניות פון יענער געגענד געווען וויט־באקאנט, מיט אירע קענטעניש איז זי געווען א שם־דבר. און ווען איר וועגאלע האט זי געבראכט מיט די זאכן אין דעם פונטיגער באד, זומער־צייט, האט זיך געטראגן די ידיעה פון פאווילאן צו פאווילאן: בלומע די שוחט׳קע איז געקומען... זייענדיג א וואוילקענעוודיגע, באקאנט אין אלע ספרים, ממש א שטיקל תלמיד־חכם, געלערנט און געלייענט רש״י־כתב און דעבאטירט איבער הלכות וכו׳ — האט זי פון איר וויסן איבערגעגעבן אנדערע: אין יעדן שבת־נאכמיטאג, אין די לאנגע ווינטערנעכט איז בלומע געזעסען און פשוט מרביץ תורה געווען. זי איז נישט נאר א נאה דורש — נאר אויך א נאה מקיים געווען: וואו א חברה, איז דאס געווען בלומע׳ס ארבעט, וויל־סטו ביי א קראנקען, ביי א נויט באדערפטיגען, אריינברייגען אנ׳אורח אין שטוב און אים דערקוויקען מיט א ווארעמען מאלצייט, אים אויסבעטן א ווארעם געלעגער אין א קאלטער ווינטערנאכט, לויפן באזארגען פאר א איד „חלות אויף שבת", ארויסשלעפן א גוט מלבוש און דאס אוועקטראגען פאר א „באקעט־און־בארוועס־געבליבענעם" או. א. וו. אן בלומען איז גארנישט געשען. און דאס אלעס שטיל־ערהייט, בצנעה, באהאלטן, קיינער זאל חלילה נישט וויסן, מ׳זאל נישט חס ושלום קיינעם פארשעמען. ווען בלומע האט זיך ארויסגעכאפט פון שטוב, מיט איר שבת׳דיקן קאפטיכל פארוויקלט דעם קאפ וועלכעס ס׳איז אויסגעלאפן אין א שפיץ אויף איר מוטערליך סימפאטישן ווייבערישן פנים די געקנעפלטע נייע שיך אויף אירע פיס, איר רעכטע האנד איינגעשטעקט אין דער טיפער קעשענע פון איר לאנד־זיידן קלייד — האט יעדער פארשטאנען אז דא האנדעלט זיך שוין וועגען א שווער קראנקען, וועמען מען דארף פירן קיין קלויזנבורג אויף אן אפעראציע, אדער אן ארימע יתומה חתונה־מאכען, און אפשר א נשרף אדער אזוי

אראפגעקומענער צוריקשטעלן אויף זיינע פיס. ווי נאר בלומע האט זיך באוויזן אויף דער שוועל — האט מען שוין, פארסאפעט, אריינגעשטעקט די הענד זוכענ־דיג אין קעשענע, נאך איידער זי האט אפגעגעבן איר ווארעמען „גוט העלף!" אדער מ׳איז געלאפן צום שכן א„לייה־טאן" און איר דערלאנגט מיט אנשולדיגונג „פאר אזוי ווייניג". דאס וואס בלומע האט געטאן גאנץ אליין — מוז מען, אין היינטיגען באגריף, האבען דערצו גאנצע חברות, סאסייעטיס, מיט קאמיטעטן, מיט דעם פולען מאדערנעם אויפמאך. בלומע האט דאס דורכגעפירט אן„צייטונגס אויסרופן, אן אפילס, רעקלאמען, בילדער רעדן, כיבודים" — צומאל האט דער געהאלפענער אפילו נישט געוואוסט ווער ס׳האט אים געהאלפען, און איר האט ווייטער אנגעטראפן בלומע די שוחט׳קע ביי איר קיך, ביים תהילים׳ל אדער מוט־שענדיג זיך דורכסיליען א פאדעם אין א פאר׳עקשנ׳טען נאדל־לאך מיט הילף פון אירע שוואכע ברילן, פארנייענדיג א קליידל אדער א הויז׳ל פאר אן אייניקל וועלכעס האט קיינמאל נישט געפעהלט אין איהר שטוב. איר צדקות איז געוועזן שפריכווערטליך אין אויבערשטן עק פון מאראמארעש. דאס וואוילטעטיגע לעבן האט אנ׳ענדע גענומען ווען זי איז מיט אירע ליידנס — ברידער און שוועסטער אפגעטיילט געווארן פון דער היים בשעת עס האבן זיך אראפגעלאזט די איזער־אידן פונעם ביטשקיווועלער בארג צו דער באן־סטאנציע פון אונטערווישעווע. פון דא אויס איז בלומע׳ס גורל פארוויקלט געווארן אין גורל פון די אלע טייערע און גאט׳ספארכטיגע מאראמארעשער אידן וואס זענען אריין־געפאלן אין דער שענסטער בליענדיגער פרילינגס צייט אין די אונגאריש־דייטשישע מערדער הענד. צוריקגעבליבענע דערציילן דאס אין יענעם גרויסען „עקידה־פרייטאג" אין וועל־כען די מענשן־חיות האבן באוויזן מיט הילף פון דער טעכניק אין איין פרייטאג־צונאכט פינף־הונדערט־טויזענד אונגארישע אידן צו פארברענען — האט בלומע, וויסענדיג וואס איר ערווארטעט, זיך געגרייט דערצו און „פארטריבן וועלטן" כדי אויפצוטרייבן בענטש־ליכט — און ס׳איז איר געלונגען. איינגעגראבן איר קאפ אין דיביידע הענד איבער די בענטשליכט אין איר לעצטן ווינקל אויף דער זינ־דיגער ערד אין פארהויז פון טויט, האבן אירע אקסלען געציטערט אויסשיטענדיג איר ביטער הארץ אין א ווידוי וואס קיין צונג האט זיך נאכנישט געזאגט... א שווערע מערדערהאנד האט זי פון דעם זיסן תענוג זיך אויסרעדן פאר׳ן אויי־בערשטן, מיט גראבקייט אוועקגעריסן, אנכאפענדיג ביי די צארטע פלייצעס און זי צוגעפירט צום וועג וואס פירט צו דער גרויסער עקידה — פרייטאג־צו־נאכט,

פון יאר תש״ד, כ״ו לחודש אייר, איין־און־פערציג־טאג אין עומר — יסוד שב־יסוד... כדי מקיים צו זיין: „אדם יסודו מעפר וסופו ל... אפר...״.



מרת מעטא ווערטהיימער



**פון רעכטס צו לינקס:** מרת מעטא ווערטהיימער תחי׳, איהר מוטער, מרת בלומא שטיינמעץ ז״ל, איהר פלימעניצע, מרת שפרינצא ז״ל



מרת רבקה שטיינמעץ ז״ל
(מרת ווערטהיימער׳ס שוועגערין)

מרת בלומא שטיינמעץ ז״ל
(מרת ווערטהיימער׳ס מוטער)



ר׳ פנחס שטיינמעץ ז״ל
(מרת ווערטהיימער׳ס ברודער)



ר׳ אברהם חיים שטיינמעץ ז״ל
(מרת ווערטהיימער׳ס ברודער)



הרב שלמה אהרן ווערטהיימער ז״ל
שווער פון מרת ווערטהיימער



הרב זאב ווערטהיימער
(אלס יונגערמאן)



הרב זאב ווערטהיימער
(מאן פון מרת ווערטהיימער)



ר׳ אברהם חיים שטיינמעץ ז״ל
(מרת ווערטהיימער׳ס ברודער)

ר׳ יששכר פעלדמאן
(באנקיר אין מארמארעש, מחותן פון מרת ווערטהיימער)



גדלי׳ שטיינמעץ
(מרת ווערטהיימער׳ס פלימעניק)



גדלי׳ שטיין
(מרת ווערטהיימער׳ס פלימעניק)



**הרב זאב הערשקאוויץ און פרוי שרה טויבא**
(מרת ווערטהיימער׳ס פלימעניק און פלימעניצע)



**ר׳ זאב הערשקאוויץ**
מרת ווערטהיימער׳ס פלימעניק אלס בחור)



פלימעניק און פלימעניצע פון מרת ווערטהיימער